צווייטער יאָהרגאַנג

№ 27.

# יודישע פאָלקס-צייטונג.

ו' תַמוּז תרס"ג. פֶּערלַאג „פָאלְקְס-בִּילְדוּנְג" וַוארְשַׁא. 1 Juli 1903.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע יודישע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

אין זאמעל-בוך „הילף“ וועלען אריינקומען אריגינעלע ארטיקלען פון

## לעוו טאלסטאי אונ מאקסים גארקי

איבערזעצט פון רוסישען אין זשארגאן דורך אונזער מיטארבייטער **שלום עליכם.**

פון די יודישע שריפטשטעלער האבען ביז איצטער זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: **מענדעלי מוכר ספרים** (שלום יעקב אבראמאוויטש); **שלום עליכם** (ש. ראבינאוויטש); **דוד פרישמאנן**; **בן עמי** (מ. ראבינאוויטש); **עזרא גאלדין**; **מנשה מרגליות**; **אלעזר שולמאן**; **ד"ר מ. בערדיטשעווסקי**; **מרדכי בן הלל הכהן**; **ד"ר י. ליאקומאוויטש**; **מ. מ. הורוויץ**; **ר. בריינין**; **דוד פינסקי**; **י. ח. ראבניצקי**; **י. לערנער**; **א. ד. ראזענטהאל**; **יעקב כהן**; **יוסף יפה.**

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

יודישע
# פאלקס־צייטונג
א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פיערטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

1 Juli 1903. Nr. 27. ו' תמוז תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם נומער 26

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין האלב יאהר אונ בעטען אין דער צייט ארייננשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכם'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען יולי צושיקען

## די דריטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע אונ ניט יעהרליכע אבאנענטען ארייננצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1־טען יולי, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים ארייננשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווייניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1; פון נומער 14; פון נומער 27 אונ פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט

## דער ביטערער אמת.

אין די לעצטע יאהרען האט זיך, בעזאנדערס אין אזא מיטעל־פונקט ווי ווארשא, שטארק פארשפרייט א נייער סארט מסחר, וואס איז געגרינדעט נאר אויף רעקלאמעס, רוישענדיגע מודעות, אונ אויף די לייכטזיניגקייט פון פובליקום. מיר מיינען: די סוחרים, וואס שרייען אין די צייטונגען, אז זיי פארקויפען בחצי־חנם פארשידענע מציאות: לייכטענדיגע אדער ניי־מעטאלענע זעלטענע זייגערלעך, קאך־מאשינקעס פון אלערליי סיסטעמען, אדער א גאנצע קאלעקציע כלים, וואס זענען ווערט דרייםאל אזוי פיעל, וכדומה אנטיקען: טייסטערלעך מיט חתימות, שפיעל־קאסטענס, גאלאנטעריע־זאכען א. ז. וו.

אט די אלע מיני מסחרים זענען ניט מעהר ווי א מיטעל, אויס־צונארען ביים עולם, וואס גלויבט אין די רעקלאמעס, די פאר גראשען.

אונ ווייל צווישען די אבגענארטע זענען דא פיעל יודען אונ די אבנארער זענען, בעונותינו הרבים, כמעט אלע יודען, געפינען מיר פאר זעהר וויכטיג, צו בעלייכטען אביסעל דעם דאזיגען האנדעל אונ רעדען מיט די לעזער עטליכע ערנסטע ווערטער.

די שפעקולאנטען, וואס פארקויפען מציאות, געבען זיך קלינגענדע נעמען, ווי למשל „פאריזער לובער", „אמעריקאנער באזאר", „האנדעלסהויז שארקא עט קאמפ." כדי צו געווינען דעם צוטרויען פון פובליקום, מען זאל מיינען, אז מע האט צו טון מיט א גרויסער פירמא. באמת אבער ווייסט קיינער ניט פון דער קלינגענדער פירמא, אונטער וועלכע עס זענען פארשטעקט צוויי אדער דריי מענשלעך, וואס האבען אויסגעטראכט א לייכטע אבער א נידריגע, שמוציגע פרנסה: אבנארען א וועלט.

עס איז איצט נישא כמעט קיין איינציגע צייטונג, וואו עס

זאלען זיך ניט דרוקען רעקלאמען, ווי למשל: „5 טייערע חפצים, וואס קאסטען לאחדים 30 רובל, ווערען פארקויפט פאר 12 רובל. אדרעסע: האנדעלסהויז שארקא עט קאמפאניע, ווארשא“. אונ אין ווארשא ווייסט קיין ילוד אשה ניט פון אזא האנדעלסהויז. אז איינער פון די אבגענארטע וויל לאדען צום געריכט דעם בעטריגער, וואס האט איהם געשיקט עפיס געמיינע שארבענס אנשטאט טייערע חפצים, מעג ער איהם זוכען פון היינט ביז איבער צעהן יאהר...

אונ ווי גרויס איז דער שווינדעל־מסחר, קאן אונז דיענען דער פאקט, אז פיעל מאל בעקומען די שפעקולאנטען אין ווארשא יעדען טאג פון גאנץ רוסלאנד איבער 9000 רובל אין קליינע בעשטעלונגען, אונ שיקען ארויס יעדען טאג ביז טויזענט פאקעטען (פאסילקעס).

אונ ווי גרויס דאס גענאר איז אין דעם דאזיגען מסחר, קאנען מיר זעהען פון דער געשיכטע מיט די קאף־מאשינקעס, וואס די שפעקולאנטען האבען מיט זיי פאר עטליכע יאהר „מרעיש עולם“ געוועזען. דורך רעש'יגע רעקלאמעס אין די צייטונגען זענען די מאשינקעס פארקויפט געווארען אין די צעהנדליגער טויזענט. יעדער איז געוועזען א בעלן, צו קויפען פאר שפאט ביליג (לערך 2 רובל) א קאף־מאשינקע פון גוטען מעטאל, וואס „קאפטשעט ניט, שטינקט ניט, קאכט געשווינד אונ פארברויכט ניט מעהר ווי פאר א גראשען נאפט אין א שעה“. באלד אבער האט זיך דער עולם ארומגעזעהן, אז מען נארט איהם; איינער האט געזעהן ביים צווייטען, ווי די מאשינקע איז פון פראסט בליי אונ נאכ'ן ערשטען אנצינדען ווערד זי שוין פארדארבען. מען האט אויפגעהערט אויסלייזען פון דער פאסט די „סחורה“, וועלכע די שפעקולאנטען האבען געשיקט מיט א נאכנאמע. די מאשינקעס זענען געגאנגען צוריק קיין ווארשא, אבער די „פירמעס“ האבען זיך גאר ניט געאיילט בעצאהלען 25 קאפ' פאסט־געלד אונ אבנעמען. דער סוף איז געוועזען: די פאסט האט זיי פארקויפט דורך ליציטאציע אונ גענומען פאר יעדע שטיק ניט מעהר ווי 17 קאפיקעס! *)

דאס זעלבע טוט זיך איצט מיט די בעריהמטע זייגערלעך. ווען א זייגער, וואס ווערד פארקויפט בחצי חנם, פאר 5 רובל, ווערד ניט אויסגעלייזט דורכ'ן בעשטעלער אונ קומט צוריק מיט דער פאסט, וויל איהם די „פירמא“ ניט אויסלייזען אונ לאזט בעסער ליציטירען פאר 30 קאפ' — א סימן, אז מעהר איז טאקי ד' מציאה ניט ווערט!

אויף דעם נייעם האנדעל זענען שוין איצט אויפמערקזאם געווארען די אנטיסעמיטישע בלעטער, אונ דאס ניט זיי שטאף, צו אויסרעדען אלדעם בייז אויף די יודען „די שווינדלער, די בעטריגער, וואס נארען אונ עקספלואטירען די איינוואהנער“. זייערע רעקלאמעס ווערען געלעזען אין אלע פארווארפענע ווינקעל פון רוסלאנד אונ דער יודישער נאמען ווערד בעשמוצט אומעדום, אפילו דארט, וואו מען קען ניט דעם יודען פון דער נאהענט, אונ דער חלול השם איז זעהר גרויס.

א רוסישער גייסטליכער בעקלאגט זיך אין א צייטונג, ווי אזא „פירמא“ האט איהם אבגענארט: צוגענומען זיין געלד אונ אנשטאט א גוט זייגערל, געשיקט עפיס א שמאטע. ער ווייסט, אז דער בעטריגער איז א יוד, ער וויל איהם אבער ניט אנקלאגען אין געריכט, ווייל ס'איז זעהר ווייט אונ ס'לאהנט ניט מאכען א פראצעס מיט הוצאות איבער עטליכע רובל. דערפאר גיסט ער אויס דעם כעס אין צייטונגען, אונ גיסט אויס דעם כעס אויפ'ן יודישען בעטריגער!

אה, וואו נעמט מען א לאנגען בעזעם, אויסצוקערען, אויס־רוימען אזעלכע פארשוינען, וואס דורך זייער אייגענעם נוצען בעשמוציגען זיי דאס גאנצע פאלק, בעשמוציגען דעם נאמען „יוד“!

צו אונזער בעדויערען האבען מיר ניט קיין מיטלען, מלחמה־האלטען

*) „ווארשאווסקי דניעווניק“ נומער 141.

# פעליעטאן.

## געהיימניסע פון פאריז.

(אינטערוויו)

אפשר מיינט איהר, אז איך וועל אייך דערציילען א מין אייזענ־סים בבא־מעשה, א מין „נעבילציע“, וואס ניט געשטויגען ניט געפלויגען— איז אויב איהר מיינט אזוי, מוז איך אייך זאגען, אז איהר האט במחילה א גראבען טעות; ווארום איך, פארשטעהט איהר מיך, אז איך דער־ציילען א מעשה, האב איך ליב סע זאל זיין א מעשה־ממש, טאקי אזא מעשה, וואס איך אליין בין געוועזען דערביי, אונ קוים בין איך אליין געוועזען דערביי פארשטעהט זיך דאך, אז קיין ליגענד קאן שוין דא ניט פארקומען, ווארום איהר האט שוין ווען געזעהן, אז א בערשאדער חסיד זאל זאגען א ליגענד? בפרט נאך רבי־רפאל־בערשאדערס איין אייניקעל דערצו! וואס רעדן וועט איהר זאגען? אז סע גאר אין גאנצען להד"ס, אז איך בין גאר קיין חסיד ניט, אונ אפשר קיין אייניקעל אויך ניט, איז נאך אייערע דיבורים נאך קאן אויסקומען, אז דער רבי איז קיין רבי ניט, אונ קיין יאהרצייט איז קיין יאהרצייט ניט, אונ קיין בראנפען איז קיין בראנפען ניט — הייסט זיך עס גלאט הפקר א וועלט, אונ דאס קאן דאך בודאי ניט זיין!

אלזא, מוזט איהר הערען, אונ גלויבען, אונ שווייגען...

נאר וואס וועל איך אייך בעטען, אז הערען, זאלט איהר הערען מיט קאפ:

היינטיגען פאר פסח בין איך געוועזען אין פאריז.

אייך איז מסתמא אינטערעסאנט צו וויסען, וואס איך האב געטהאן אין פאריז.

א יוד איז זיך נייגעריג אלצדינג צו וויסען.

ביי אונז איז אמאל געוועזען א פארצייטישער, בעל־הבית, „דער אלטער משה מענדיל“ האט מען איהם גערופען.

ויהי היום, שטעה איך אין גאס, אונ ער געהט פארביי נעבען מיר.

— גוט מארגען רבי משה מענדיל!

— גוט מארגען, גוט יאהר;

— דו ווייסט אז דו ביסט מיינער א איינענער, טאקי גאר א נאהנ־טער קרוב.

— מהיכא־תיתי, זעהר רעכט, נו, איז וואס?

— פאר וואס־זשע פרעגסטו ניט: מיין קרוב פון וואנען געהסט דו?

— פרעג איך אייך: מיין קרוב, רבי משה מענדיל, פון וואנען געהט איהר?

— נא דיר א פיינ; וואס איז דיין עסק? — מאכט ער צו מיר אונ געהט זיך זיין וועגס.

מיט אזעלכע לייט. אונזער גאנצער כח איז נאר, צו אויסדריקען דעם איניגסטען אבשיי צו אזעלכע „יורען".

אונ נאך קענען מיר: ווארנען וועניגסטענס אונזערע ברידער, ניט גלויבען אין די רעקלאמעס אונ ניט חאפען זיך קויפען די מציאות. קיין מציאות איז היינטיגע צייטען ניטא. א מציאה קריגט מען נאר ביי א גנב. ממה־נפשך: איז דער חפץ, וואס ווערד פארקויפט פאר 5 רובל, טאקי באמת ווערט דרייסיג, איז עס דאך א גנבה אונ קויפען א גנבה איז פארבאטען אונ נישט מאראליש. אונ אויב דער חפץ איז א כשר׳ער, וועט דאך דער שפעקולאנט איהם ניט פארקויפען צו דערלייגען, אונ מן־הסתם איז ער די 5 רובל אויך ניט ווערט!

ז.

---

# די לאגע אין סערביע.

— מאנטאג דעם 15 יוני האט דער פארזיצענדער אין סקופשטשינא וועלימיראוויטש געעפענט די פאלקס־פארזאמלונג אונ האט פארגעלעגט, מען זאל פיאטער קאראגעארגעוויטשען אויסקלויבען פאר א קעניג אין סערביע. באלד האבען די דעפוטירטע אויסגעשריגען „זשיוויא!" אונ אלע האבען איינשטימיג דעם פירשט פיאטער געוועהלט צום קעניג. פון די הארמאטען האט מען געשאסען 101 מאל. באלד נאך דער וואהל איז דער יוסטיץ־מיניסטער ארויס אויף דעם באלקאן אונ האט בעקאנט געמאכט וועמען מען האט אויסגעקליבען צום קעניג. ד׳ער גאנצער עולם האט געענטפערט מיט א פריידען־געשריי.

— אויף די טעלעגראמע, וועלכע דער מיניסטער־פרעזידענט אווקומאוויטש האט געשיקט צום פירשט פיאטער אונ איהם מודיע געוועזען, אז מען האט איהם אויסגעקליבען צום קעניג, האט ער געענטפערט, אז די צייכען פון טרייהייט, וואס דאס פאלק האט איהם בעוויזען, האט איהם זעהר גערירט אונ ער זאגט צו טריי צו דיענען זיין לאנד אונ זיין פאלק. צו דער שווייצארישע אגענטור האט פירשט פיאטער מודיע געוועזען, אז ער נעמט אן די סערבישע מלוכה אונ וועט הייסען פיאטער דער ערשטער אונ אז דעם 18 יוני וועט ער פאהרען קיין סערביע.

— פירשט פיאטער האט געשטעלט א בעדינגונג, אז ער וועט אנדערש נישט אננעמען די רעגירונג ביז מען וועט ארויסשיקען פון דער ארמעע אלע, וואס האבען גענומען איין אנטייל אין דער רציחה. די סקופשטשינא ווידער האט איהם געשטעלט די בעדינגונגען: 1) דער קעניג זאל נישט זיין דער פעלד־מארשאל פון דער ארמעע; 2) די ארמעע אונ בעאמטע שווערען, אז זיי וועלען דיענען טריי דאס פאטערלאנד אונ נישט דעם קעניג; 3) איינפיהרען די פרייע קאנסטיטוציע פון 1888.

— אויף די בקשה פון דעם נייעם סערבישען קעניג פיאטער דער ערשטער, אז רוסלאנד זאל איהם אנערקענען אלס קעניג, האט די רוסישע רעגירונג געענטפערט, אז זי איז דערצו מסכים אונ זי בענשט דעם נייעם קעניג מיט דאס סערבישע פאלק אונ דריקט אויס, אז זי איז זיכער, אז דער קעניג פיאטער קאן ווייזען זיין גערעכטיגקייט אונ שטארקען ווילען, דערמיט וואס ער וועט מאכען א גענויע חקירה ודרישה וועגען דער רציחה אונ וועט שטרענג בעשטראפען די וואס האבען זייער שבועה מחלל געוועזען אונ האבען זייערע הענט בעפלעקט מיט דעם בלוט פון דעם ערמארדעטען קעניג.

— דעם „בערלינער טאגעבלאט" שרייבט מען אויס ראם: פון א געוויסען מענשען האב איך זיך דערוואוסט, אז דער הויפט־מערדער מאשין מיט זיינע חברים האבען בעקומען שענע עטליכע מיליאנען פאר זייער ארבייט. דער נייער קעניג קאן די מערדער נישט בעשטראפען, ווייל ביי מאשין געפינען זיך זעהר וויכטיגע בריף פון איהם אונ אויב ער וועט טון עפּיס שלעכטס די מערדער וועלען די

---

נאר דאס האט אלץ נעקאנט פארקומען אמאל, יענע יאהרען, היינט ווידער איז נאר איין אנדער וועלט.

מיינער א בעקאנטער האט אמאל זעהר גלייך געזאגט: מע קאן — זאגט ער — רעכענען פאר געווים, אז מיט דער צייט וועט ערימאן אויס טראכטען אזא מין פראזשינקעלע, וואס יעדער זאל עס קאנען טראגען אין קעשענע, אונ מיט איין קוועטש, זאל מען קאנען אלע פארבארגענע סודות אויספארשטען, אונ אלע פארמאכטע בריף איבערלייענען... נאר כל זמן דאס פראזשינקעלע איז נאך ניט ארויס נעקומען איז די בעסטע עצה, צו א סוד — זיך אונטערהערען; אונ צו פארמאכטע בריף — פשוט אויפעפענען...

מילא, ווערטלעך אין א זייט.

דערווייל הייסט דאס, ווייסט איהר שוין, אז איך בין נעוועזען אין פאריז. מכח וואס? קאן איך אייך דוקא אויך זאגען: מכח געשעפט. נאר מכח א וואסער געשעפט — דאס זעהט איהר, לא, בלאטע, דאס קאן איך אייך ניט זאגען, אונ וועל ניט זאגען...

אז איך בין שוין במילא אין פאריז, טראכט איך מיר, פאר וואס זאל איך אין איין וועגס טאקי ניט אריין חאפען זיך צו א דאקטאר אויך? איהר מוזט וויסען, אז איך לייד זעהר, ניט פאר אייך געזאגט, מיט קאפ־שמערץ, צי ווי מע רופט עס דארט, דער שווארץ יאהר ווייסט עס, אויף דאקטארש־לשון מעגרען — שמעגרען, נאט אייך א פיטאק פאר אלע צו־נעמענעשען זייערע, וואס מע קאן זיך מיט זיי נאר די צייהן צעברעכען... געוועהנליך זענען פאריזער דאקטוירים אביסל נעניטער אונ אביסל גרעסער פון אונזערע קאלאדאטשים... נאר צו וועמען זשע אבער געהט מען אריין? דערווייל דערמאן איך מיך: סטייטש, מיר האבען זיך עפּיס אונזער דאקטאר, אונזער מאק׳ס נארדאוי׳ן! איהר מוזט וויסען, אז איך רעכען זיך אויך א חברה־מאן צווישען חברה ציוניסטען, אונ האב שוין ניט איין שקל איינגעצאהלט. זענען מיר זיך הייסט דאס עפּיס לייבליכע שמעלקעס... הכלל ווייניג געטראכט אונ גוט געמאכט. זיך דערפרעגט וואו ער וואהנט אונ מארש צו איהם א היים. — אנגעקלינגען, א־רויס באלד דער שווארציאהר (שווייצאר), האט מיר דארט עפּיס אנגעפאנפעט (אין פאריז פאנפען זיי במעט אלע...) אונ אריין געפיהרט אין קאבינעט. — איך זיץ, שונאי ציון, אין געהאקטע וואונדען, זיץ אונ זיץ, אונ מע הערט ניט אונ מע זעהט ניט. — פלוצלינג דערהער איך ווי פון יענער זייט טיר לעהרנט עפּיס א לעהרער מיט א תלמיד טאטש אויף טאטש דאס זעלבע וואס ביי מיר. דער לעהרער לעהרנט מיט מיין נחומ׳צין זאל לעבען פון די נייע לשון־קודש׳ע מעטאדעס, „המתחיל" דאכט מיר, צי „המכין", איך געדענק שוין ניט אקוראט ווי מע רופט זיי דארט די מינים ביכלעך, אונ דער תלמיד גראדע (סע זאל אייך קיין בזיון ניט זיין) קאן א סך ווינציגער פון מיין נחומ׳צין, אונ דער לעהרער עסט זיך גענוג אין דאס געזונט איידער מע געראט איהם וואס־מע־ניט־איז איהם אריין דאיבען אין קאפ אריין... איך זיץ אונ מע פאלט פון מיר דאס פלייש אונ

אפיצירען מאכען מיט איהם דאס אייגענע וואס זיי האבען געמאכט מיט אלכסנדר'ן.

— דעם „פעסטער ללויד" שרייבט מען אויס בעלגראד, אז דער געוועזענער מיניסטער־פרעזידענט מארקאוויטש, וועלכער איז ערמארדעט געווארען, האט זיך איינינע שטונדען בעפאר די רציחה איז געשעהן זיך אבגעזאגט פון זיין שטעלע, ווייל דער קעניג אלכסנדר האט איהם געבעטען ער זאל זיך משתדל זיין, אז די ברידער פון דער קעניגין דראגא אונ איהרע שוועסטער זאלען ווערען פרינצען אונ פרינצעסינס אונ מען זאל זיי געבען געהאלט פון דער רעגירונגס קאסע. דער קעניג האט אויך פארלאנגט, אז איידער מען וועט פאר־עפענטליכען דעם דאזיגען וואונש זיינעם זאל מארקאוויטש אויפ־נעמען א געריכט, וואס זאל אבמשפט'ן צום ט' ויט אלע הויפט־געגנערס, דערונטער איינינע פון די גרעסטע מענער פון סערביע. אין בעלגראד אליין האט מען געצאלט ארום 90 אפיצירען אויסהרג'ענען אונ אין די איבריגע שטעדט פון לאנד — ארום 1000 מענשען. מארקאוויטש האט פאר קיין פאל דערצו נישט איינגעשטימט אונ האט געבעטען, מען זאל איהם אבזאגען פון דער שטעלע אונ אויף זיין ארט זאל מען אויפנעמען דעם סערבישען געזאנדטען אין פאריז באסקאוויטש. באסקאוויטש איז געקומען פון פאריז קיין בעלגראד מיט איין עקס־טרענעם צוג, אבער אביסל צו שפעט, א טאג נאך דער רציחה.

— דער נייער מיניסטער־פרעזידענט אווקומאוויטש האט בעקאנט געמאכט, אז קיינער פון די מורדים וועט נישט בעשטראפט ווערען, ווייל דאס וואס זיי האבען געטאן הייסט נישט קיין רציחה נאר — א מלחמה.

— עס האט זיך דערשאסען א פאר־פאלקאווניק מיט דעם נאמען זשינואנאוויטש, ווייל אין דעם קעניג אלכסנדר'ס פאפי־רען האט מען געפונען א בריף, אין וועלכען זשיוואנאוויטש איז איהם מודיע פון דער מרידה.

— קעניג אלכסנדר האט אליין געוויזען די רוצחים א וועג ווי זיך צו בענעהן. מיט 10 יאהר צוריק האט אלכסנדר געהייסען, מען זאל בעפאלען דעם שלאס אונ מען האט געפאנגען גענומען אלע מיניסטארען פון דער ליבעראלער פארטיי אונ ער האט זיך ערקלערט אלס פול־יעהריג (מינדיג). היינט האבען זיינע שונאים אויך געטאן דאס אייגענע. א קורצע צייט פאר דער רציחה איז דער קעניג מיט זיין פרוי אונ די אדיוטאנטען געזעסען אינ זיך איינגעהערט די מוזיק, וואס האט געשפילט, היינטיגעס מאל איז אלכסנדר זעהר גוט געלוינט געוועזען אונ האט געלאזען די מוזיק שפילען ביז שפעט אין דער נאכט. לוסטיגער פון אלעמען איז געוועזען דער אדיוטאנט נאאומא־וויטש, וועלכער האט אויך געהערט צו די מורדים. ער האט געדארפט איבערגעבען די רוצחים די שליסלען פון הויפט־טויער אין שלאס, ער איז אבער צופיעל בעטרונקען געוועזען אונ איז שטארק אנטשלאפען געווארען בשעת מען האט געקלאפט ביים טויער אונ דעריבער האט מען געמוזט דאס טויער אויפרייסען מיט דינאמיט, וועלכע 4 קלוגערע אפיצירען האבען מיט זיך מיטגענומען, אז נאאומאוויטש האט גענומען געהן עפענען דאס טויער איז ער פון דינאמיט געהרג'עט געווארען.

— די לעצטע ווערטער פון קעניג אלכסנדר זענען געוועזען: „ציגנצאר מארקאוויטש, פאר וואס האסט דו דאס געטאן". קעניג אלכסנדר האט געמיינט, אז מארקאוויטש איז דער אנפיהרער פון די מורדים.

די פאמיליע פון דעם נייעם אויסגעקליבענעם קעניג פיאטער קאראגעארגעוויטש.

דער פירשט פיאטער קאראגעארגעוויטש, וועלכען די סאלדאטען פון סערביע האבען אויסגערופען אלס קעניג, איז גע־בארען אין יאהר 1846. דער ערשטער פון דער פאמיליע געארג פיעטרא־וויטש קאראגעארג (דער שווארצער געארג) איז געבארען דעם 21 דעצעמבער 1766 ביי ארעמע עלטערן, ער איז געוועזען איינער

---

סע ווערד מיר נמאס ומאוס הערענדיג דאס מעלה־נרה'ן אונ דאס איבער חזר'ן, צעהן מאל א ווארט איז ווינציג... ביז נאט האט א נס געטאן, די טיר האט זיך מיט אמאל געעפענט אונ מיין פארשוין איז ארויס, איך האב איהם מיט דער רגע דערקענט אין די צוויי שפיצען בארד מיט'ן שיינעם שטערען, עפים א ווערטל אויסרעדען ווי פיעל מאל איך האב מיך שוין מיט איהם אנגעזעהן: אין ביכער, גאזעטען, אלערליי בילדער, ראש־השנה קארטלעך, אונ גלאט אזוי קארטלעך. היינט ווי איז זאפאנקעס, שפילקעס, טאבאקערקים, אונ ווי ניט?... ווי ער האט מיך דערזעהן האט ער מיר באלד אפ נעשטעקט א ברייטען „שלום־עליכם" —

— פון וואנען איז א יוד?

— וואס איז די נפקא־מנה—זאג איך—פון וואנען, אפנים אז איך וועל אייך זאגען וועט איהר דען וויסען? מאלט אייך פון אויסרייסעניש ער־ניץ א שטעדטל אזוי גרויס ווי א גענעק, וואס אז איהר פאהרט אהין ארייין, שטעהען די אינטערשטע רעדער פון דער זייט, אונ דער רישעל פון פון יענער זייט שטעדטל...

— הכלל, וואס־זשע וועט איהר עפים זאגען?

איך נעם איהם דערצעהלען אין גאנצען מיין קראנקהייט פון אלף ביז תיו, אונ ער הערט מיך אוים מיט געדולד, הייסט מיר ווייזען דעם צונג, (מאלט אייך סע האט מיר גוט געפלאמט דער פנים, געה שטעק ארויס אזא מענשען א צונג!...) אויסגעקלאפט, צוגעהערט זיך פון אלע זייטען, אונ פארשרייבט א רעצעפט: אלע צוויי שעה א קאווע־לעפעלע, אלע דריי שעה א פיל, אונ נאך עפים שאלאמויזען דארטען, ווי די מאדע איז, אונ מאכט צו מיר:

— איהר מוזט האלטען דיעט.

— גוט איז—זאג איך—אז מע קאן האלטען. אמאי לייטען האלטען צעהנדליגנער משרתים אין זייערע געשעפטען, אונ איך אין מיין קלייטעל פארמאג ניט אפילו איינעם אויך צו האלטען!...

— איהר פארשטעהט מיך ניט—זאגט ער—איך מיין: איהר דארפט עסען צו דער צייט, טרינקען צו דער צייט, זיך לייגען צו דער צייט אונ אויפשטעהן צו דער צייט (רבונו של עולם! — טראכט איך מיר — וואו נעמט מען אזוי פיעל צייט? אז איך האב נאר שטענדיג קיין צייט ניט... א קיצור, איך נעהם מיך צו דער קעשענע ארוים דערביונען עפים ממתקים פאר'ן וויזיט, טוט ער א שאקעל מיט'ן קאפ אין דער זייט, ווי איינער רעדט: מע דארף ניט; — הע, — טראכט איך מיר, אויב אזוי ביסט זיך א נוטער ברודער, דארף מען דיך אביסל ארום טאפען מכח יענעם ענין אויך, מכח ציוניזם מיין איך, פאר וואס ניט? לאם איך חאטשבי האבען וואס אין דערהיים צו דערציילען, בפרט אז קיין געלד קאסט אויך ניט!

דארף מען עפים מאכען איין אויסרעד:

— וואס וועל איך אייך פרעגען, רבי נארדוי, איהר זאלט מיר געזונט זיין: ווי אזוי איז ביי אייך אין פאריז, איז אויך אנגענומען

פון די ערשטע, וואס האבען געפריוועט ארונטער צו ווארפען פון זיך די הערשאפט פון טערקיי. אין יאהר 1787 האט ער צוזאמען מיט זיין פאטער געמוזט אנטלויפען, דער פאטער אבער, וועלכער איז שוין שוואך און אלט געוועזען האט נישט געקאנט אריבער דעם טייך סאווא און כדי ער זאל נישט אריינפאלען צו די טערקען אין די הענט האט איהם דער אייגענער זוהן, געארג, דערשאסען. שפעטער איז געארג צוזאמען מיט די עסטרייכער זאלדאטען געגאנגען אין דער מלחמה געגען טערקיי. אין יאהר 1804 איז געארג טשארני ווידער געווען איינער פון די גרעסטע אנפיהרער אין א מרידה געגען טערקיי. פון 1805—1804 האט געארג טשארני פאריאגט אלע טערקישע סאלדאטען פון סערביע. נאר די שטאדט בעלגראד, די היינטיגע הויפטשטאדט, איז נאך געבליבען ביי די טערקען און ערשט אין יאהר 1806 האט ער אויך די שטאדט בעלגראד איינגענומען און אין גאנצען בעפרייט דאס לאנד פון די טערקען און דענסטמאל האט דאס פאלק איהם געמאכט צום הערשער איבער די מיליטער; איבער די ציוויל-מענשען האט געהערשט דער סענאט.

אין יאהר 1813, ווען אין איירופא האבען געהערשט די מלחמות מיט נאפאליאן דעם ערשטען, זענען די טערקען ווידער אריין אין סערביע און געארג האט געמוזט אנטלויפען און ערשט אין יאהר 1817 איז ער צוריק אין זיין לאנד געקומען, דערווייל אבער האט זיך פארשאפט מילאש אברענאוויטש די ליבע פון פאלק מיט דעם נצחון, וואס ער האט געהאט איבער די טערקען און מיט זיין ידיעה איז געארג ערמארדעט געווארען, ווען ער איז קיין סערביע צוריקגעקעהרט.

געארג האט איבערגעלאזט א זוהן, אלכסנדר, וועלכער איז געבארען אין יאהר 1806. אז מען האט זיין פאטער געהרג'עט איז ער אריין אין דעם רוסישער מיליטער און נאך דעם ווי מילאש אברענאוויטש האט געהאט א מפלה האט מען איהם אויסגעקליבען צום פירשט פון סערביע. דאס פאלק איז אבער שפעטער מיט איהם געווארען אומצופרידען און ער האט דעריבער געמוזט אין יאהר 1858 אנטלויפען קיין טערקיי און מילאש אברענאוויטש איז ווידער געווארען דער פירשט איבער סערביע. שפעטער האט אלכסנדר זיך בעזעצט אין אונגארען, וואו ער האט געהאט אייגענע גיטער. ווען מען האט איהם בעשולדיגט, אז ער האט איין אנטייל גענומען אין דעם מארד פון מיכאיל אברענאוויטש, האבען די סערבישע שופטים איהם אבגעמשפט אויף 20 יאהר געפענגעניש און די אונגארישע אויף — 8 יאהר. אין יאהר 1885 איז ער געשטארבען און זיין זכות אויף דער מלוכה האט ער איבערגעלאזען זיין זוהן פיאטער, וועלכען מען האט איצט אויסגערופען צום קעניג

אין יאהר 1883 האט פיאטער געהייראטעט די עלטסטע טאכטער פון דעם טשערנאגארישען פירשט זארקא, וועלכע איז געשטארבען אין יאהר 1890. מיט זיין שווער דעם פירשט פון טשערנאגארי (מאנטענעגרא) האט ער שטענדיג געלייבט אין קריג, פאר דעם, וואס ער פארשווענדעט זעהר פיעל געלד. זיין זכות אויף דער מלוכה האט ער קיינמאל נישט אויפגעגעבען ביז ער האט זיך דערווארט נאך וואס ער האט געשטרעבט. איצט האט איהם דאס פאלק אויסגעקליבען פאר א קעניג.

## די פאמיליע פונ'ם דערמארדעטען קעניג אלכסנדר אברענאוויטש.

מיט די ערמארדונג פון דעם יונגען סערבישען קעניג אלכסנדר ענדיגט זיך די פאמיליע אברענאוויטש. אלכסנדר וועלכער האט קיין קינדער נישט איבערגעלאזען, איז געוועזען דער לעצטער איינציגער צווייג פון דער פאמיליע און מיט זיין טויט איז אבגעשטארבען די פאמיליע אברענאוויטש אין גאנצען.

די הערשאפט פון דער פאמיליע אברענאוויטש אויף סערביע הייבט זיך אן אין יאהר 1817. דענסטמאל, ווען דער פירשט געארג טשארני (דער שווארצער) איז ערמארדעט געווארען, האבען די גרעס-

---

אט די אלע נייע מעטאדעס אויף לשון קדש לערנען? איך וויים, אונזער רב, זאל לעבען, לאכט זעהר פון זיי, ער זאגט אז זיי טויגען אלע אויפ'ן פייער, און ווייסען ניט מעהר פון א טויבען, צום סוף האב איך אט דא זיצענדיג ביי אייך געהערט, איי'ערס א קינד מסתמא, לערנט אויך פון די זעלבע מעטאדעס, גלייך מיט אונזערע קינדער, זאל איך זאגען א סברה, אז אין פאריז, און בפרט ביי אייך אין שטוב, זאל מען אויך ניט וויסען, וואס גוט און וואס שלעכט איז, איז זיך אבער טאקי ווידער די קשיא, ווי קומט עס וואס אונזער רב, זאל לעבען...

— שטעלט אייך פאר, אז ניט מיינס א קינד, נאר טאקי איך אליין, לערען אויך פון די זעלבע מעטאדעס, וואס אייער רב לאכט פון זיי, און דעם וואס איהר האט דא ערשט געהערט לערנען איז ניט קיינער, נאר איך אליין בכבודי ובעצמי. זייט אייערע יודע-לעך האבען מיך בעווארפען מיט בריוועלעך און מיט פראטעסטען, מיט געוואלדען און מיט געפילדערען, הלמאי האב איך אנגעריהרט ביי'ם קנעפל עפים זייערס א צאצקע, א קאראפירדער אתרוג'ל, וועט מען מיך פשוט פארשטיינען, וואס איז—שרייען זיי—איהר פארשטעהט איהם ניט און טשעפעט זיך. לערענט פריהער, דער נאך וועט איהר זיך טשעפען! וואס־זשע זאל מען טון? לערנט מען, ס'איז אפילו א ביסל שווערליך ביי די יאהרען צו לערנען, נאר, אז מע מוז, העלפט ניט!...

— אזוי,—זאגט־איך—איז אפנים חברה טאקי ניט משוגע, וואס זענען אייך אנגעפאלען אין נאזעטען, איך פלעג כסדר הערען אין אונזער קרוזשאק (איך בין אויך, ניט אויס גערעדט זאל זיי'ן, איינער פון זיי) אלץ טענות ומענות מכח דעם ענין און פלעג מיר שטענדיג קלערען ביי־זיך: מה־לי וואס חברה קאנען אויסטראכטען פוסטע גדולות, געב-טיגע טעג. נאר ווידער אז ס'איז טאקי יא אזוי די מעשה, ווי פאלט איהר עס טאקי אויס פעטער לעב (פון גרויס אימפעט האב איך גאר פארגעסען מיט וועמען איך האב דא צו טון...) ווי פאלט איהר עס אויס ארויף פאלען אויף אזא אנטיקל, וואס לויט חברה זאגען שטעהט ער פיעל העכער און גרעסער פונ'ם קאצקער, פונ'ם ראדזינער, און אפילו פונ'ם „תניא" אויך, ווי זשע קומט עס באמת טאקי צו אייך? ווי קומט עס??...

— אזוי,—זאגט ער, אזוי־ויי־וי, זענט איהר אויך הייסט דאס פון דער חברה צאציקעס, טא געהט־זשע אייך, זייט מוחל, געזונטערהייד, און מיר זענען אויס מחותנים! און מאכט ניט קיין טענות און חאפט די רעצעפט און צערייסט איהם אויף פיצ־פיצ־פיצלעך...

איך האב באמערקט, אז מיינער איז שטארק אריין אין דער קפידא, און האב פארשטאנען, אז אהן קיין קאזער וועט זיך שוין דא ניט אויסדרעהען, האב ניט געמאכט קיין מחוקות, און—הלך...

---

נעקומען צו פאהרען אהיים, אבגעווישט די ליפען, און געמאכט א שווייג פון דער גאנצער געשיכטע. א קשיא אויף א יודענע, זי קאן

טע פון פאלק אויסגעקליבען דעם פירשט מילאש אברענאוויטש אלס הערשער; מילאש איז בעליבט געוועזען ביין פאלק דערפאר, וואס ער האט די סערבען בעפרייט פון די טערקען. אין יאהר 1826 האט מען אויף דעם שלום־בונד צווישען רוסלאנד און טערקיי, וואס איז געשלאסען געווארען אין אקערמאן און בעשטעטיגט געווארען אין יאהר 1829 אין אנדריאנאפאל, געמאכט סערביע פאר א זעלבסט־שטענדיגע מדינה.

מילאש האט אבער געפיהרט זיין הערשאפט איבער זיין פאלק נאך זיין איינציגען ווילען, האט געטאן וואס איהם האט זיך פארגליסט און זיך מיט קיינעם נישט בעראטען, דערמיט האט ער זיך איינגעקויפט פיעל שונאים ביין פאלק און דעריבער איז אין יאהר 1835 אויסגע־בראכען א מרידה און מילאש איז געצוואונגען געווען אונטערצושרייבען א קאנסטיטוציע, וועלכע איז אבער נישט געפעלען געווארען דעם טערקישען סולטאן, וואס האט נאך געהאט דאס רעכט זיך אריינצומישען אין די סערבישע אינערליכע ענינים און די קאנסטיטוציע איז בטל געווארען. אין יאהר 1839, ווען מילאש האט איינגעזעהן, אז ער קאן לענגער נישט זיין קיין הערשער איבער סערביע, האט ער איבערגעגעבען די מלוכה זיין זוהן מילאן און ער מיט זיין צווייטען זוהן מיכאיל האבען פארלאזען דאס לאנד.

מילאן האט אבער נאר א קורצע צייט רעגירט. דעם איינגענעם יאהר אין 8טען יולי איז ער געשטארבען און די טערקישע רעגירונג האט בעשטימט מיכאילען, דעם צווייטען זוהן פון מילאש פאר דעם טראנספאלגער און ביז ער וועט ווערען גרויס זאלען אנדערע הערשען אין זיין נאמען, די נייע רעגירונג האט זיך אויך נישט לאנג געהאלטען. פירשט מיכאיל האט געמוזט אנטלויפען אין יאהר 1842 קיין עסטרייך און דאס פאלק האט אויסגעקליבען אלכסנדר קארגעארגעוויטש, א זוהן פון דעם גע'הרג'עטען געארג טשארני צום פירשט פון סערביע. 16 יאהר האט אלכסנדר קאראגעארגעוויטש געהערשט אויף סערביע.

רוהיג איז אבער אין די גאנצע צייט אין לאנד נישט געווען; דער פירשט אלכסנדר האט געמוזט אנטלויפען און אין יאהר 1858 איז מילאש ווידער געווארען דער הערשער איבער סערביע. צוויי יאהר שפעטער אין יאהר 1860 איז דער אלטער מילאש געשטארבען און זיין זוהן מיכאיל איז ווידער געווארען דער הערשער איבער דאס לאנד. סערביע האט אין יענער צייט געוואלט זיך אין גאנצען בעפרייען פון טערקיי, די טערקישע רעגירונג האט בעלאגערט די פעסטונגען פון סערביע און א דאנק דער אריינמישונג פון רוסלאנד האט טערקיי געמוזט אבציעהען פון סערביע. די פאמיליע קאראגעארגעוויטש האט אבער נישט אויפגעהערט צו זוכען פלענער ווי צוריק צו בעקומען די רע־גירונג אין לאנד און דעם 10 יוני 1868 איז פירשט מיכאיל אברע־נאוויטש ערמארדעט געווארען אין זיין גארטען טאפטשידיר. די רוצחים האבען אבער גאר נישט אויסגעפיהרט, דען די סקופטשינא (אמין פארלאמענט אין סערביע) האט אויסגעקליבען דעם יונגען 14 יעהרי־גען מילאן אברענאוויטש צום הערשער און ביז ער איז גרויס גע־ווארען האבען דריי מיניסטארען רעגירט אין זיין נאמען און דעם 29 יוני 1869 האט די נייע רעגירונג איינגעפיהרט נייע געזעצע אין דער קאנסטיטוציע.

שטענדיג אבער איז אין סערביע געווען מחלוקת צווישען די פארטייען פון דארט און די מיניסטעריומס האבען זיך זעהר אפט גע־ביטען. דעם 1 יולי 1876 האט דער יונגער סערבישער פירשט דער־קלערט קריעג די טערקישע רעגירונג, די מלחמה אבער האט געוואונען טערקיי און ווען רוסלאנד וואלט זיך נישט אריינגעמישט וואלט טערקיי אין גאנצען איינגענומען סערביע.

די מלחמה צווישען רוסלאנד און טערקיי, וואס איז געוועזען אין יאהר 78—1877, האט מילאנען א גרויסע טובה געטאן. נאך די מפלה, וואס די טערקען האבען געהאט ביי פלעווגא, איז מילאן אריין מיט זיינע סאלדאטען אין טערקיי און האט איינגענומען די פעסטונג

---

מיך אנהויבען עסען. וואס הייסט? ווי איז דאס ביי א מענשען דאס געזונט אזוי הפקר? ווען נאך קאן דיך טרעפען אזא גליק, באקומען א רעצעפט פון א פאריזער דאקטאר, און נאך אהן א קאפיקע געלד דערצו? — וכרומה נאך אזעלכע נאל־עסענישען, אזוי ווי די פיק־העלצער קאנען... (חברה, פארשטייט איהר זיך מסתמא, האב איך אונטען ארומען יא דערציילט, און זיי זענען שיער ניט צעשמאלצען געווארען...) אזוי איז אבגעלאפען ביז פסח.

געקומען פסח, וואס טוט א יוד? ווידער א קייזעל און ווייטער א כוסה, אבער א כוסה, און ווייטער א קניידל. אזוי לאנג אזוי ברייט ביז איך האב באקומען דעם אמת'דיגען מעגרען טאקי מיט אלע פיסטשיוקעס, אזוי ווי אין פסוק שטעהט, און ווי אזוי מיינט איהר? טאקי איין טאג נאכ'ן אנדערען, נאר שונאי־ציון צום דערגעהן... וואס טוט מען? אין קלייט מוז מען אויך געהן, דער קאפ געהט חארעראם און געהן מוז מען... איך געה און מאך זיך ניט וויסענדיג, דרעה מיך ווי א וויאן טא הין, טא הער, רעד כלומר'שט מיט א קונה און דער קאפ איז אין פאריז... מיינע האט באמערקט און גענומען מיך טאטשען גאר אויף איין אנדער אופן:

— סטאטש, איך פרעג דיך ניט מעהר, ווי האט עס אזוי א מענש אויף זיך קיין רחמנות ניט? ביסט געוועזען אין פאריז ביסטו קליין גע־ווען אריין געהן צו א פראפעסאר א פרעג טון? ווען נאך קאן טרעפען אזא גלעלענהייט? ניט היינט, און ניט מארגען, און ניט איבער מארגען, נאר גערע רעד, רעד מיינע שונאים, צעזעצטע רייר, וועט דיר דען העלפען? פונקט ווי איין ארבעס אין וואנט...

איך האב פארשטאנען, אז די שפיעל איז פאר'ן טייפעל, און איך וועל זיך שוין דא ניט אויסדרעהען. טראכט איך מיר, דער גרעסטער שווינדעל איז דער אמת. אין מיטען האב זיך דערמאנט, אז דא ערשט ניט לאנג בין איך געווען א מלך און זי א מלכה, זענען מיר דאך עפים פאני־בראצי, דארף מען איין מאל פאר אלע מאל אויסדערצייה־לען די גאנצע געשיכטע און פטור ווערען.

איך זיץ מיר פון איין זייט סטויקע און דערציילט מיר אזוי געלאסען, און זי זיצט פון דער צווייטער זייט און הערט זיך איין. פלוצלינג שפרינגט זי אויף, גלייך ווי מע זאל זי האבען מיט איין אקראפ אב־געגאסען.

— אלע בייזע חלומות צו דיין קאפ! טוט נאר א קוק ווי ער האט זיך פארפקאפעלט אביסל און האט נאר פארגעסען ווי ער איז אין דער וועלט! זיצט זיך ווי שבת נאכ'ן טיש און דערציילט מעשיות גלייך ווי ער זאל נאר ניט וויסען וואס פאר א יום הדין ס'איז היינט ביי אונז!...

— זאל מיך אזוי וויסען ביז, ווי איך וויים ווער דער יום הדין איז געווען! איך וויים דאכט מיר גאנץ גוט, אז היינט איז ראש חדש,

גיש און ביי דעם בערלינער טראקטאט פון 1878 איז סערביע געווארען אין גאנצען א פרייע זעלבסט-שטענדיגע מלוכה, און האט א חוץ די פעסטונג ניש בעקומען נאך אנדערע פעסטונגען. דעם 6 מערץ 1882 האט מילאן בעקומען דעם טיטעל „קעניג פון סערביע". אין 1885 האט סערביע געהאלטען מלחמה מיט בולגאריע און האט געהאט א גרויסע מפלה ביי סליוניצא און ווען נישט עסטרייך וואלט בולגאריע איהר אין גאנצען איינגענומען.

מילאן האט געלעבט זעהר איין אונרוהיגעם און אונצופרידענעם לעבען, קיינמאל האט ער פאר זיין פאלק ניט געקאנט יוצא זיין, מחמת די פארשידענע פארטייען אין לאנד. א חוץ דעם האט ער נאך געהאט גרויסע צרות פון די הויף-אינטריגען און פון זיין פרוי נאטאליע, מיט וועלכע ער האט נישט געהאט קיין שלום און דעריבער האט ער דעם 6 טען מערץ 1889 זיך אבגעזאגט פון דער מלוכה און האט עס איבערגעגעבען זיין זוהן אלכסנדר אברעגאוויטש, וועלכער איז דענסטמאל אלט געווען 13 יאהר.

אלכסנדר אברענאוויטש איז געבארען אין יאהר 1876 און צו 13 יאהר איז ער געווארען קעניג אין סערביע. גאר ווייל ער איז נאך צו יונג געוועזען האט זיין פאטער מילאן בעשטימט דריי אפעקונעס, וואס זאלען הערשען אין זיין נאמען ביז ער וועט אלט ווערען 20 יאהר. ער האט אבער נישט געווארט אזוי לאנג און אין יאהר 1894 האט ער זיך ערקלערט פאר זעלבסטשטענדיג, האט אבגעזאגט דאס ראדיקאלע מיניסטעריום און האט געבראכט זיין פאטער מילאן אויס פאריז און איבערגעמאכט די נייע פרייערע קאנסטיטוציע אויף די אלטע קאנסטיטוציע פון 1869, דערמיט האט ער אויפגערייצט די פארטיי יונגע סערבען. נאך מעהר האט ער בעקומען שונאים דערמיט, וואס ער האט אין יאהר 1900. זיך פארהייראטעט מיט דער אלמנה דראגא מאשין וועלכע איז געוועזען עלטער פאר איהם מיט צעהן יאהר. דראגא מאשין, וועלכע איז געוועזען אלס הויף-דאמע ביי זיין מוטער נאטאליע, האט בעקומען דעם יונגען הערשער אין איהר מאכט און ער האט אהן די צושטימונג פון זיין פאטער און מוטער, אהן די איינווילליגונג פון גאנצען פאלק זיך מיט איהר פארהייראטעט. זי האט אויף אלכסנדר זעהר פיעל געווירקט צום שלעכטען, די לעצטע צייט האט זי ביי אירם געפועל'ט, ער זאל איהר ברודער בעשטימען אלס נאכפאלגער. דאס האט שוין געריסען די געדולד פון פאלק און נאך מעהר פון די סאלדאטען און זיי האבען דעם יונגען 27 יעהריגען הערשער ערמארדעט. אלכסנדר אברענאוויטש איז ווי אלע הערשער פון דער פאמיליע געוועזען נעהר גוט צו אונזערע יודישע ברידער אין סערביע און זיי האבען ביי איהם געהאט אלע רעכטע.

### די סערבישע קעניגין.

די סערבישע קעניגין דראגא מאשין, וועלכע איז צוזאמען מיט איהר מאן דעם קעניג אלכסנדר ערמארדעט געווארען, איז געבארען דעם 24 סעפטעמבער אין יאהר 1865. אז זי איז אלט געווארען 16 יאהר האט זי זיך פערהייראטעט מיט איין אינזשינער, וועלכער איז צוויי יאהר נאכדעם געשטארבען. דענסטמאל האט די סערבישע קעניגין נאטאליע רחמנות געהאט מיט דער יונגער אלמנה און האט איהר אין יאהר 1892 צוגענומען צו זיך אלס הויף-דאמע און איהר געהאלטען ביז 1897, ווען זי האט זיך דערוואוסט איהר בעציהונג צו איהר זוהן אלכסנדר.

אין יאהר 1900 האט אלכסנדר זיך פערהייראטעט מיט דראגא, נאכדעם, אז ער האט געזוכט א פרוי ביי די אנדערע פירשטען-הייזער און מען האט איהם אין ערגיץ נישט געענפערט (אלכסנדר איז געוועזען זעהר העסליך). ער האט דראגא פון שטענדיג געליבט. דראגא האט געהאט איין אפעראציע און האט דעריבער נישט געקאנט געבארען קיין קינדער, זי האט דאס אבער פון אלכסנדר'ן פארבארגען און האט איהם געוואלט צושטעלען — לויט ווי אנדערע זאגען — דאס קינד, וואס איהרע א שוועסטער האט געדארפט געבארען, נאר די שוועסטער האט געבארען א טויט קינד און אלכסנדר האט זיך דערוואוסט, אז זיין פרוי קאן קיין קינדער נישט געבארען. ער האט אויך געוואוסט, ווי ווייט דאס פאלק איז מיט דער קעניגין אומצופרידען און האט געהאט בדעה זיך פון איהר צו שיידען. זיינע שונאים אבער האבען נישט געהאט קיין געדולד דערויף צו ווארטען און האבען דאס אומגליקליכע פאר ערמארדעט.

דראגא איז בעוואוסט געוועזען פאר זעהר שען און קלוג.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— א שרעקליך גרויסער רעגען האט חרוב געמאכט די שטאדט העפנער אין אמעריקא. איין ערך פון 600 - 500 מענשען זענען דערטרונקען געווארען.

— פירסט אורוסאוו, דער געוועזענער וויצע-גובערנאטאר אין טאמבאוו, איז געווארען גובערנאטאר אין קישינוב. ער איז אלט אין גאנצען 40 יאהר.

— דעם 4 יוני האלב פיער דעם זייגער, ווען קרושעוואן, דער רעדאקטאר פון „זנאמיא", איז געגאנגען אויף נעווסקי פראספעקט אין פעטערסבורג איבער דעם פאליצייסקען בריק האט ער דערפיהלט

---

האב געזאגט „הלל" און „יעלה ויבוא", אזוי ווי נאט האט געבאטען, און ווייטער וואס נאך?

— וואס נאך, פרעגסט דו, נו און דאס לאדזער וועכסעל, וואס היינט איז דער טערמין אויף צאהלען—דאס איז גאר ניט?!

אזוי ווי א פייל פון א דינער אזוי האט מיך דאס ווארט „טערמין" געטראפען און צעשוידערט אלע מיינע גלידער... איך האב נעהאפט ענדאם-פענדאם די פיס אויף די פלייצעס, האלב טויט האלב לעבעדיג, און ארויס אין נאס—האפען א גמילות-חסד...

וואס מיר מענרען? ווער מיר מענרען? קיין מענרען גלייך ווי אויף דער וועלט ניט געווען...

פון דאמאלס אן בין איך דערגאנגען, אז די בעסטע רפואה צו מענרען איז טאקי נאר—א טערמין...

רבי-נחום.

אויסרייסעניש, 1-טען אפריל 1903.



אז עמיצער האט איהם פון הינטען געחאפט ביי דעם האלז מיט דער האנט און באלד האט ער דערפיהלט א שטארקען זעץ מיט א מעסער אין דער לינקער זייט האלז. קרושעוואן האט דאס מעסער ארויסגע־ריסען פון זיין האנט און האט זיך דערביי לייכט איינגעשניטען אין האנט און האט זיך גענומען יאגען נאך דעם פארברעכער, וועלכען א פאליצייסקער האט באלד געחאפט. פון דער וואונד ביי קרושעוואן האט פיעל בלוט גערונען און דעריבער האט מען איהם פארגעלעגט. ער זאל אריינגעהן אין איין אפטייק. אין די ערשטע און צווייטע אפטייק, וואו ער איז אריין, האט ער זיך נישט געלאזט פארבינדען, ווייל איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז די „געהילפען" דארט זענען יודען, אויך די ערשטע דאקטוירים האט ער נישט אנגענומען, ווייל זיי זענען נראד יודען און האט געווארט ביז עס איז געקומען א קריסטליכער דאקטאר. דער פארברעכער הייסט ישראל פנחס דאשעווסקי, איין אמא־ליגער סטודענט אין קיעווער פאליטעכניקום און איז אלט 24 יאהר, זיין פאטער איז א דאקטאר אין קיעוו. געטאן האט ער דאס, לויט ווי ער זאגט, פאר די אנטיסעמיטישע ארטיקלען, וואס קרושעוואן שרייבט אין זיינע בלעטער, מיט וועלכע ער האט אויפגערייצט די קישינעווער קריסטען צו מאכען א פאגראם נעגען יודען.

עס איז צו באמערקען, אז פון יודישע דאקטוירים, האט זיך קרושע־וואן אבגעזאגט, נאר פון יודישע אבאנענטען און מודעות האט ער זיך קיין מאל נים אבגעזאגט.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די יודישע תבואה־הענדלער אין וואזניעסענסק (חער־סאנער גוב׳) האבען בעשלאסען צו האלטען זייערע געשעפטען געשלא־סען אים שבת און יום טוב. דאס איינענע האבען אויך בעשלאסען די יודישע קויפלייטע פון אקערמאן (בעסאראב. גוב.)

— אין קומענדיגעם יאהר וועט זיך עפענען אין ווילנא א פריוואט־שולע פון 4 קלאסען, אין וועלכע מען וועט צונעמען יודישע שילער אהן פראצענטען.

## דער פראצעס וועגען דרייפוס.

פון א זיכערע קוועלע איז מען מודיע, אז די רעגירונג האט בעשלאסען איבערצוגעבען די חקירה וועגען דרייפוס צום קאסאציאנס־געריכט און מען רעכענט, אז נאך היינטיגען זומער וועט מען אראב־נעמען די שולד פון דרייפוס׳ען. דער מיניסטער־פרעזידענט קאמב און דער קריגס־מיניסטער אנדרע האבען צוגעזאגט דעם בעוואוסטען דרייפוסאר זשארעס, אז די רעגירונג וועט טון אלץ וואס עס איז נאר מעגליך, צו דערוויזען דעם אמת.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— די פארבערייטונגען צום 6־טען קאנגרעס ווערען געמאכט אין דער איינענער ארדנונג ווי אין די פאריגע קאנגרעסען. ווי עס ווייזט אויס וועלען צום היינטיגען קאנגרעס זיין זעהר פיעל דעלעגירטע.

— ה׳ עטינגער אוים אדעסא איז צוזאמען מיט ה׳ דרויאנאוו און א גאנצע געזעלשאפט געפאהרען קיין ארץ ישראל.

— די טאגעס ארדענונג פון 6־טען קאנגרעס אין באזעל וועט זיין:

1) עפענען דעם קאנגרעס — ד״ר הערצל.

2) א דאקלאר פון בעשטעטיגונגס קאמיטעט וועגען די וואהלען.

3) דער חשבון פון אקציאנס־קאמיטעט, אדער נארדאוס רעדע (מען ווייסט נאך נישט אויף זיכער אויב נארדאו וועט האלטען א רעדע אויף היינטיגען קאנגרעס).

4) וכוחים וועגען חשבון.

5) פראגען וועגען ארגאניזאציע און אגיטאציע.

6) דער חשבון פון נאציאנאל־פאנד פון הי״ה קרעמעניצקי און ד״ר פארבשטיין.

7) דער חשבון פון קאלאניאל־באנק — ה׳ וואלפזאהן.

8) דער ציוניזם און איהר בעציהונג צו דער פילאנטראפיע (ווי עס שיינט וועט וועגען דעם רעדען זאנגוויל און ד״ר עליעס פון עלזאס).

9) אין אלגעמיינע אספה פון קאלאניאל־באנק.

10) שליסען דעם קאנגרעס.

# ידיעות וועגען קישינוב.

— דורך די רעדאקציע פון „וואסחאד" איז שוין צונויפגענומען געווארען 42 טויזענט רובל פאר די קישינובער יודען.

— די יודישע געמיינדע פון קישינוב האט בעקומען א טרייסט־בריף פון ד״ר הערצל, אין וועלכען ער שרייבט:

„דאס גאנצע יודישע פאלק געפינט זיך איצט אונטער דעם איינדרוק פון דעם שרעקליכען אומגליק אין קישינוב. שוין זייט הונ־דערטער יאהרען, וואס די ווערטער: „יודען זענען ערב איינער פאר דעם אנדערען" האבען נישט געוויזען זייערע טרויריגע פאלגען ווי איצט. פרויען און אומשולדיגע קינדער האבען אין די שרעקליכע מינוטען געמוזט גלויבען אין דעם.

„דערשלאגען ביז גאר מחמת דעם אומגליק פון דער גאנצער אומה, דריקען מיר אייך די הענט מיט ברודער־ליבע און שמערץ. דען די געהרג׳עטע זענען אונזער אלעמענס בלוט און פלייש און די מצבות אויף זייערע קברים קלאגען און פרעגען: ביז ווי לאנג?

„אין אונזער שמערץ האבען מיר נאר איין טרייסט־ווארט: לאמיר אלע זיך רייכען די הענט אין דער צייט פון פרעגיות און פרייד, כדי צו בעפרייען אונזער פאלק פון קנעכטשאפט. זאלען צווישען אונז זיין אין די שלעכטע צייטען שלום, און פאראייניגט אייך צו ארבייטען מיט פריעדען".

מיט ציונס־גרוס. ד״ר הערצל.

— די צאהל פון די פאמיליען, וואס האבען געליטען נישט פון דעם פאגראם גופא נאר צוליב דעם פאגראם, דערגרייכט ביז 6000 און דער הילפס־קאמיטעט זארגט צו ביסלעך פאר זיי אויך.

— אין ירושלים האט מען צונויפגענומען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען 579 פראנק. דאס געלד האט מען צוגעשיקט צום ציוניסטישען אקציאנס־קאמיטעט אין וויען.

— נישט לאנג זענען אין קישינוב געקומען דריי אדוואקאטען פון מאסקווא, זיך אנצונעמען פאר די ארעסטירטע וועגען פאגראם, איצט האבען די דריי אדוואקאטען דערויף חרטה, נאכדעם ווי זיי האבען זיך איבער אלץ ריכטיג ערקונדיגט און זענען ארויסגעפאהרען פון קישינוב.

— פון ניו־יארק האט מען שוין אריינגעשיקט צום הילפס־קא־מיטעט אין קישינוב 25,000 רובל. אין גאנצען האט מען דארטען ביז דעם 24 מאי צונויפגענומען 100,000 רובל.

— פון פארט־ארטור (רוסישע חינא) האט מען אריינגעשיקט 2,465 רובל און פון טאשקענט 350 רובל צום הילפס־קאמיטעט אין קישינוב.

— צווישען די נדבות, וואס מען האט געשיקט אין קישינוב פון לאנדאן, געפינען זיך די נדבות פון דעם רב הכולל ד״ר אדלער 3 פונט שטערלינג. נ. מ. ראטשילד 525 פ״ש; דער פאנד צו שטיצען רוסישע יודען 1000 פ״ש; קלאהד מאנטיפיארע 200 פ״ש; סיר שמואל מאנ־טאגא 100 פ״ש; פ. ד. מאקאטא 200 פ״ש; הערמאן לאנדוי 100 פ״ש; פירמא זעליגמאן 100 פ״ש.

---

# בריף פון פאריז.

אין איינער פון די לעצטע נומערן פון דער „יוד. פאלקסצייטונג" האב איך געלעזען א מאמר איבער די פאלקס-אוניווערזיטעטען איבערהויפט. די לעזער האבען מסתמא שוין געהערט, אז אין פאריז עקסיסטירט שוין דאס צווייטע יאהר א יודישע פאלקס-אוניווערזיטעט, וועלכע דארף ספעציעל די יודישע לעזער אינטערעסירען און איך געפין פאר ניצליך פון איהר אביסל צו רעדען.

אין פאריז וואהנט ראטשילד און פיעל אנדערע יודישע מיליאנערען און גרויסע לייט; דאס ווייסען, גאט זיי דאנק, אלע יודען. אלע יודען ווייסען אבער ניט. אז איז דעם גרויסען, רייכען פאריז וואהנען נאך צעהנדליגער טויזענטער יודען, ארבייטער, פעקעל-טרעגער און סתם קבצנים, וואס ווערען פארשווארצט. ע"פ הרוב גע-געפינען זיי זיך אין בעזונדערע קווארטאלען און דווקא אין די שמוציגסטע און די אָרימסטע אין פאריז און ווערען פארשווארצט ווי א יוד קאן פארשווארצט ווערען. בעסער פון אלע לעבען די בעלי מלאכות, שניידער, שוסטער. טישלער א. ז. וו. זיי האבען אייגענע „סינדיקאטען" אדער זיי ארגאניזירען זיך מיט די קריסטליכע ארבייטער און ווערען פייערינע סאציאליסטען, הגם עס ליגט זיי נאך אנדערע זארגען אין זינען. די איבריגע, פעקעלטרעגער אדער וואס לעבען פון ווינט, ווערען פארפאלגט און פאריאגט, ליידען שרעקליך; פיעל קרענק און ארימקייט געפינט איהר צווישען זיי...

הצד השוה שבינהם, אז אין קיין שטאדט ווערען אונזערע ארימע ברידער ניט אזוי אבגעריסען פון יודישקייט ווי אין פאריז. די עלטערע יודען, וואס קומען אן, געהען נאך אין די קליינע און געמיינע מנינים, וואס געפינען זיך אין די יודישע גאסען און וואס האבען מחלוקת איבער גבאות, ששי און נוסח ספרד ואשכנז, ווי עס פיהרט זיך ביי כשר'ע יודען. די יוגענד אבער ווייסט ניט און וויל ניט וויסען, וואס א יוד הייסט. די יונגע מענער ווערען פארשווארצט דעם גאנצען טאג ביי דער שווערער ארבייט, זיי ווייסען ניט פון שבת און יום-טוב, און ביי נאכט אדער חנא רוהען זיי אין די קאפע-שאנטאנען און און אנדערע פרייליכע ערטער, וועלכע זענען געראדע ניט זעהר מאראליש און נאך ווייניגער יודיש, און עס געהט אזוי ווייט, אז זיי פארגעסען, אז זייערע עלטערן זענען יודען געווען. די מיידלעך ארבייטען אין פאבריקען צוזאמען מיט די פראנצויזישע ארבייטערינס און זיי געוויינען זיך אזוי מיט דעם פרייען לעבען, אז אפטמאל לעבען זיי מיט גוים.

פון א יודיש ווארט, יודיש געפיהל, יודישע צרות און האפנונגען ווייסען זיי קיין ווארט ניט, זיי הערען קיינמאל גאר ניט. דא איז געראדע אומגעקערט ווי אין רוסלאנד. די רייכע, די בעלי-בתים, וועלכע האבען ווייניגער זארגען אויפ'ן קאפ האבען אפט יודישע חברות, קלובען ווי מען שפילט צוזאמען, מען טאנצט צוזאמען און פון צייט צו צייט דערמאהנט מען זיך אויך, אז מען איז יודען און מען רופט א ראבינער, א געלעהרטען צו הערען א יודיש ווארט. ביי דעם בלייבט מען אבער, און מען דערמאהנט זיך ניט, אז דארטען אין די שמוציגע גאסען פון דער מאראיי, פון מאנמארטער געהען צו גרונד טויזענטער יודישע נפשות. נאר דערפאר וויל דאס שווערע לעבען פאריאגט זיי און זיי קענען ניט אין זינען האבען קיין מאראלישע אינטערעסען. אפילו דער ציוניזם האט זיך אויך ניט געקאנט פארברייטערען צווישען די אָרימע לייט, וואס האבען אנדערע דאגות צו זארגען...

אט די לאגע האט ערוועקט איינינע פון די פאריזער ציוניסטען א יודישע פאלקס-אוניווערזיטעט צו גרינדען, וואו די געבילדעטערע די רייכערע יודען זאלען אין זינען האבען ניט נאר זיך אליין, נאר אויך דאס פאלק, די אָרימע ברידער, דעם המון-עם.

די התחלה איז געווען זעהר געמיין. די ערשטע פארלעזונגען האט מען געמאכט אין א פינסטערען און שמוציגען לאקאל, מעהר עהנליך צו „אסאראיי". יעדען אבענד פלעגען קומען סטודענטען און רעדנער און האבען גערעדט איבער חכמות, ציון, העברייאיש, מעדיצין, געשיכטע א. ז. וו. פון צייט צו צייט האט מען א ליטערא-רישען אבענד געמאכט, כדי דאס פאלק צוציהען. און מען האט טאקי דערגרייכט דעם ציעל. דאס ארבייטער-פאלק און פראסטאקעס האבען אנגעהויבען צו קומען הערען א יודיש ווארט, וואס זיי האבען ביז איצט ניט געהערט. נייע אנגעקומענע עמיגראנטען זענען מאסען געקומען פראנצויזיש צו לערנען, פיעל פרויען, מעדיצין און היגיענע צו הערען, אלטע משכילים זענען פון אלע עקען פאריז געקומען צו הערען רעדען העברעאיש. און אלעס אומזוסט.

איינמאל איז דער רב הכולל ר' צדוק הכהן געקומען און האט גערעדט, געלויבט דעם איידלען ציעל פון די ציוניסטען, וואס האבען געגרינדעט אזא טייערע זאך און בשעת מעשה האט ער טאקי ערקלערט, אז דער באראן ראטשילד האט דורך איהם א רעכטע סומע געשיקט, מען זאל א בעסערע דירה דינגען.

מען האט א דירה באלד געדונגען, צוויי גרויסע, שענע זאלען, מען האט גרויסע געלעהרענטע און רעדנער אראבגעבראכט; צו די ליטעראַרישע אבענדען האט מען בעריהמטע ארטיסטען גערופען, מען האט די זאך געארדענט ביז עס איז ווירקליך געווארען א יודישער צענטער, א מיטעלפונקט פאר די געבילדעטע ציוניסטען און פאלקס-פריינד און פאר דעם המון-עם. די יודישע פאלקס-שולע האט שוין א שם בעקומען אין די גרעסטע יודישע קרייזען, און מען קאן האפען, אז זי וועט זיין א בריק צווישען די ציוניסטען און די פראנצויזישע האלב-אסימילירטע יודען. וואס ביז איצט איז קיין מיטלען ניט געווען זיי צו פאראינטערעסירען מיט די נייע יודישע פראגען, מיר האבען שוין פיעל בעווייזע דערויף.

כדי צו געבען א בעגריף וואס עס ווערד פארגעלעזען און געלערענט אין דעם אנשטאלט, וועל איך דעם פראגראם פאר איין חודש איבערזעצען (די פראגראמען ווערען יעדען חודש אין זשארגאן און פראנצויזיש געדרוקט און פארטיילט):

פראנצויזישע שפראך (לעהרער: סטודענטין: לונץ, לאשאק, סטורדזי), יודישע געשיכטע (ד"ר ד. יעקבסאן), העברייאיש (ראבינער באק). העברייאישע ליטעראטור (ד"ר נ. סלושץ) היגיענא (פרוי ד"ר קריטשעווסקי), נאטורוויסענשאפט (סטודענט י. שפירא), ענגלישע שפראך (סטודענט חייקין), יודישע נייעס (ד"ר קריטשעווסקי), פיזיק (קאמאנדאנט-פאדפאלקאווניק בלאך). אויסערדעם האלט מען אלע זונטאג פארלעזונגען אין פראנצויזישער, העברייאישער אדער זשארגאן

שפראך. די פארלעזער זענען געוועזן ביז איצט: ד"ר מארמארעק, ד"ר גארדוי, הרב פראפעסאר י. לוי, ראבינער ווייל, ד"ר יעקבסאן, סלושץ, קרישעווסקי א. ז. וו.

דאס לאקאל איז שוין בעוואוסט אלס א מיטעל-פונקט פאר יודען און יודישע אינטערעסען און איהר קאנט דארט זעהן ארימע יודישע ארבייטער און נעבען זיי בעריהמטע געסט, א ווארעם ווארט הערען אדער צייטונגען צו לעזען. ניט לאנג האבען מיר דארט געזעהן דעם ד"ר הערצל. דער ציוניזם האט שוין פיעל געוואונען דאביי און זיין ווירקונג האט זיך שטארק געהויבען, ווייל אלע זעהען ווער עס זענען די ווירקליכע פאלקס-פריינד און ווער אינטערעסירט זיך פאר אונזערע ארימע און פאריאגטע ברידער. געוויס איז נאך פיעל געבליבען צו ארדנען; איבערהויפט פעהלען נאך איינינע טעטיגע קרעפטע. עס איז אבער זעהר וויכטיג, אז אין פאריז זאל אזא אנשטאלט עקסיסטירען און מיר פארהאפען, אז אויף לאנגע יאהרען.

ד"ר בדן.

---

# מזל

פון

מ. י. ברדיצבסקי.

אז א יוד שטעהט אויף אין דער פריה, וואשט זיך, מאכט א ברכה און נעמט ארויס דעם טלית און תפילין, וואס מיינט ער זיך? — עס איז איהם א סך בילליגער צו געהן אין מארק, צי אין קלייט אריין. אז דער קאפ דרעהט זיך איהם, פון וואנען צו נעמען אפצוצאהלען דעם גמילת חסד, צי נאר דעם מוטשניק פאר מעהל, ווארום ס'איז א שטארקע סברה, אז ער האט שוין דריי חדשים כסדר נישט בעצאהלט. ער איז דאך אבער א יוד און מוז דאווענען. זיך קריגען מיט גאט טויג אויך ניט. איי, פון וואנען זאל ער פארט נעמען? גארניט. און אז דו טראכסט, וועט דיר יפים העלפען? דאנק דעם אייבערשטען, אז מען לעבט.

חיה זיין ווייב איז אויך ניט פון די דאזיגע, וואס מען קויפט זי צוויי פאר א גראשען; אבער אז דער קאפ איז איהר תמיד דערשלאגען. עפיס א מעשה, קינדערלעך זאלען לעבען און א קלייט. יא, א קלייט וואלט שוין געוועזן נישקשה. דער חסרון איז נאר, אז מען מוז ווארטען אויפ'ן קונה מיט ליידיגע קעסטלעך. דער חסרון איז, אז ס'קומט שוין יא אמאל א יודענע עפיס קויפען, האט זי נישט קיין גראשען ביי דער נשמה, און מען מוז איהר שוין ווארטען ביז דער מאן וועט קומען צו פאהרען. איי פון וואנען נעמט מען פארט, ס'איז דאך א שטוב. דער וואסערפיהרער טוט זיינס, שטרוי צום הייצען מוז מען אויך האבען, מיר דאכט זיך א בלעטל פאר'ן קלייט שענקט מען אויך ניט אומזונסט און דא גאר שכר-למוד, פון וואנען נעמט מען דאס אלץ? מען נעמט טאקי ניט! פון וואנען מען לעבט? פרעגט מיך בחרם, אזוי, מען לעבט.

איין אנדערע קרעמערקע, א שכנה ווארט שוין אויך פון דער פריה אן אויפ'ן פיטשאטאק. דערווייל, אז קיינער איז ניטא, נעמט זי ארויס דעם פארוואגעלטען „קרבן-מנחה" און טוט א חליפ. מוז איהר יאנקעלע געהן אין חדר אריין אהן איבערבייסען, עס געהט דער ווינטער און עס איז ניטא וואס אנצוטון, מילא זי, וואס דארף זי, אבער רבקה א מיידל, היינטיגע יאהרען. וואס זשע זאל זי טון, אז דער פעטער בערל האט גאר גיט קיין רחמנות. גאט איז איין עדות, אז זי האט זיך גענוג געשוואַרצט דאס פנים.

פארוואס, טראכט ביי זיך לאה יוסל משה'ס, פארוואס מוז חנה ביילעס האבען א האלז מיט פערעל און זי האט ניט אפילו קיין וואטאווע קלייד? פארוואס האט די שמחצקי א שטיינ מיט גענז, און זי האט ניט אפילו אויף דרויב? דא מישט זיך אריין איהר מאן יוסל משה, וואס הערט דאס און זאגט: א יודענע בלייבט א יודענע, למאי האב איך דיך גענומען און ניט חנה'ן, וואס מען האט זי מיר אויך גערעדט? השגחה! גיט זי א חאפ: איך זאג דיר, נאר מזל מוז מען האבען, אז איך וואלט געהאט א מזל, וואלט איך ניט געהאט אזא שלימיזאלניק א מאן. דו טוסט דען עפיס? אז דו געהסט תמיד נאר ארום און טראַרסט וואס וועט זיין דער סוף?

איך בעט אייך קוקט זיך גוט צו איהר צו. אז אין הארצען האט זי נאר רחמנות אויף איהם. ער לויפט עפיס ניט ארום ווי א פארסמ'טע מויז און הארעוועט ניט? דאס הייסט, ער וואלט שוין יא עפיס געטאן, נאר ס'איז ניטא וואס צו טון.

וואס זשע וועט זיין? וואס זשע וועט זיין מיט די קינדער, אז זיי וועלען אויפוואכסען? זאגט זיך אלע טאג פערל, די אראבגעקומענע נגידית'טע, איין אנדער פאטער וואלט געטראכט א תכלית פאר זיי. אבער וואס זאל מען טון היינטיגע יאהרען מיט קינדער, אז ס'איז ניטא קיין געלד, נישט נאר ביי מיר אליין, ביי יענעם אויך ניט, טאקי ביי קיינעם ניט...

אז יודען וואלטען געהאלטען אין איינעם, זאגט דבורה'לע צו איהר, וואס איז געקומען אויף א ווייילע לייהען די זיפ און איז געבליבען זיצען און שמועסען, אז יודען וואלטען געהאלטען אין איינעם, וואלט אפשר געוועזן בעסער פאר אונז. וואס זשע זאל מען טון? וואס איז שייך, וואס מען זאל טון? סטארען זאל מען זיך. אט דאס איז דאס טאקי דבורה'לע, אז ס'איז ניטא קיין מזל.

מזל מוז א מענש האבען. שלמה איצים פארדיענט דאכט זיך תמיד א שען קערבל, און אז ס'קומט צום סמיק, האט ער ניט פון וואנען צו באצאהלען... פארקעהרט איז יעקיל משה'ס שוין צעהן מאל בדיל הדל געווארען, און ער האט א שטוב מיט כל ולך. איהר פרעגט קשיות? גארניט. אט דעם העלפט דער רבונו של עולם און אט דעם ניט. מיינט איהר ס'איז ניט אזוי? — אפילו צו גאט מוז מען האבען מזל.

---

## אין-אווענד.

אין טרויעריג-זיסע חלומות  
פארווינגט שטיל דאס ווינטל די וועלט,  
און „קריאת-שמע" מורמעלט דאס טייכל  
און דרעמעלט אין מיטען און קוועלט.

און הייליג פארביינגען די צווייגען,  
פארטראכט זיך דער שמעקענדער וואלד;  
עס גיבען א שטיף אפאר בלעטלעך  
און ווערען אנטשווינגען אט באלד...

און ס'קומען אין בלייבען שטעהן שאטענס  
ווי שומרים ביי איטליכער טיר;  
דער נאכטיגאל קנאקט און פארגעהט-זיך  
און ס'בלאנדזעט א גרילצען „ציר" „ציר".

עס שווימט ווי פארמאטע־ט פון קירכע
„אבים-באם“ און ברומט און צעקריכט,
— דעם הימעל, אפנים, ווערד פינסטער —
ער צינדט אן די שטערענדלעכס ליכט.

און רוהיג ווערד אלעם אנטשלאפען
פארוויקעלט אין שאטען און קיהל, —
זיי ווייסען, אז מארגען וועט קומען
אטאג פול מיט זון און געפיהל...

בן־יצחק.

---

# וואס אין הימעל טוט זיך.

ווי עס ווייזט אויס, בין איך געוועזען גאר אין גאנצען איבריג פאר דער וועלט, וועלכע האט זיך פון אלע זייטען ערגעץ געאיילט מיט א קאכעניש, מיט א שטופעניש. „איבריג געוועזען“, זאג איך, ווייל די מענשען, וועלכע האבען צו עפיס געשטרעבט, האבען זיך אויף מיר קיינמאל אפילו ניט אומגעקוקט און בשעת איך האב זיך אליין אנגע־שלאגען צו העלפען זיי מיט וואס עס איז, האט מען מיר ערנסט אויס־געהערט און נאך ערנסטער געענפערט, אז עס איז דא גענוג העלפער אהן מיר. „ווי עס ווייזט אויס“, זאג איך, ווייל מיר האט פון אנפאנג זיך ניט געגלויבט, אז די מענשען, וועלכע ווילען איינער דעם צווייטען עקספלאאטירען, קענען גלייכגילטיג אויף מיר קוקען אין דער צייט, ווען נאך מיין מיינונג, האבען זיי מיר מיט ביידע הענט געדארפט אריין חאפען און אויסניצען מיין ביסל קענטניש אין לערנען און שרייבען, וועלכע איך האב בעקומען דורך א צופאל אין א שולע...

נאר ווי עס ווייזט אויס בין איך געוועזען גאר אין גאנצען איבריג פאר דער וועלט, וועלכע האט זיך פון אלע זייטען ערגעץ געאיילט מיט קאכעניש, מיט א שטופעניש.

דערפאר אבער האב איך זיך גאנץ בעקוועהם געפיהלט אין דער וועלט פון פאנטאזיעס, וואו איך פלעג יעדעס מאל אנטלויפען, ווען מען פלעגט מיר פון דער ערדישער וועלט אבשטופען...

און די פאנטאסטישע וועלט איז עפיס גאר אנדערש, און ניט יעדער איז זוכה איהר צו זעהן און צו פיהלען און ניט יעדער ווייסט אפילו, אז עס עקזיסטירט אזא וועלט, וואו יעדער קאן זיך איין ארט געפינען און וואו יעדער לעבט אהן קאכעניש און שטופעניש.

און אט די אויסגעקלערטע וועלט האט נאך א מעלה, וואס יעדער מענש בעשאפט איהר פאר זיך בעזונדער נאך זיין אייגענעם פלאן, ווי עס געפעלט איהם, און צעשטערט איהר ווען זי געפעלט איהם ניט. אונזער וועלט האט גאט בעשאפען און מיר זענען ניט אים שטאנד איהר איבער צו מאכען און מוזען אלעס פאר גוט אננעמען.

אין די דאזיגע אייגענע וועלט האב איך אבגע׳חלומ׳ט כמעט א האלבען זומער, און די חלומות זענען געוועזען אלערליי, פון די סאמע זיסע, וועלכע זענען בעוואוסט אויף מענשליכען לשון אונטער דעם נאמען „גליק“, ביז די סאמע ביטערע, וועגען וועלכע אייערע טאטע־מאמעס זאגען: „זאל מען ניט געפריווט ווערען צו וואס מען קאן געוואהנט ווערען“. און דער סארט חלומות, וועלכע איך פלעג אין א געוויסע צייט איבערלעבען, האבען זיך געווענדט אן דעם צאהל שעות און טעג, וועלכע זענען פארגאנגען נאך מיין לעצטען מאל עסען.

און אזוי האט זיך א טאג נאך א טאג געשלעפט. נאר מיט זיי פלעג איך נאך ווי עס איז אויסקומען; שלעכט איז אבער מיט די נעכט געוועזען. און אזוי האב איך זיך אבגעוואלגערט אויף פרעמדע פאדלאגעס וואכען לאנג, און דושנע איז געוועזען, און א מאל איז קיין פאדלאגע אויך ניט געוועזען. דערפאר אבער פלעג איך די אבענדען אין גארטען פארברענגען צוזאמען מיט אלעמען, וועלכע אטעמען פריי, און פלעג אויך ווי זיי אבלעבען פון די פרישע לופט, — נאה מעהר, איך פלעג אין גאנצען פון איהר מיין לעבען ציהען...

און דאס מאל האב איך זיך אין גארטען אזוי גוט געפיהלט, ווי עס האט זיך נאך קיינמאל, דאכט זיך, מיט מיר ניט געטראפען, און גראד אין יענע ווינקעלעך, וואו עס זענען וואס ווינציגער מענשען געוועזען.

און איך האב די ביימער בעטראכט, אויפ׳ן הימעל געקוקט, און איך האב זיך אויף א באנק אוועק געזעצט א צופרידענער מיט די איצטיגע מינוטען, ווען די נאטור איז אזוי יום טוב׳דיג, פרייהליך, און איך בין אויך גראד זאט און קיין זאך שטערט מיר ניש(ט), הנאה צו האבען פון דעם זומער, פון דער שענער נאטור.

אויף דעם מאל האב איך זיך גראד פארגעסען אן מיין אייגענע פאנטאסטישע וועלט און איך האב זיך אנגעהויבען בעטראכטען, וואו איך האלט אקארסט אין גאטס ערדישע וועלט. נאך א ביסל קלערען און חשבונ׳ען בין איך געקומען צום שלום, אז היינט דארף דאכט זיך זיין שבועות. און טאקי באלד האב איך פארשטאנען, פאר וואס היינט געהט דער עולם אזוי פיעל שפאצירען, וואס איז מיר פריהער א ביסל קשה געוועזען.

-- אויב אזוי איז טאקי, גוט יום טוב! — האב איך זיך צו זיך אליין אין זינען אבגערופען, און אליין זיך געענפערט מיט א געלעכ־טערל:

— טא וואס איז דא מיט דיר אזוי די שמחה?

און דערנסטמאל האב איך זיך אנגעהויבען דערמאנען אן די א מאליגע יאהרען. א יום טוב האט די טבע אזוי: מענסט זיין ווער דו ווילסט און וואו דו ווילסט, וועט דיר א יום טוב אלע מאל ארויף פיה־רען אויף די אלטע וועגען, וועלכע דו האסט אמאל־אמאל געטרעטען, אויב אפילו זיי זענען שוין מיט גראז פארוואכסען, ווען אפילו זיי זע־נען מיט שטיינער פארווארפען...

און דערמאנט האב איך זיך אן א סך זאכען, וועלכע איך האב א מאל געהאט און ליב געהאט און האב זיי פארלארען און האב זיי ניט מעהר ליב. איך האב זיך אן מיין היים דערמאנט, וועלכע האט זיך לאנג־לאנג שוין ערגעץ אין דער גרויסער וועלט פארבלאנדזעט און האט ערגעץ קיין זכר פון זיך ניט געלאזען; דעמאלט, אין דער יוגענד און דארט אין דער היים, איז דער הימעל בלאער געוועזען, די זוןווארעמער און די לופט קיהלער און דער זיידע פלעגט שבועות ביי דער נאכט „תיקון“ זאגען און דער הימעל פלעגט זיך שפאלטען...

דאס איז געוועזען יאהרען לאנג צוריק, ווען איך פלעג וועלען דערווארטען די צייט פון הימעל שפאלטען און פלעג וועלען אויסבע־טען ביי גאט עפיס איין אויסנאהם, וואס עס איז נאך גאר קיינעם אין

זינען ניט איינגעפאלען, נאר איין זאך, אבער עס זאל כולל זיין אלע, אלע איבריגע זאכען, און איך האב זיך די זאך כמעט פאר די אויגען פארגעשטעלט, אבער איך האב אין קאפ ביי זיך בשום אופן זיין נאמען ניט געקאנט געפינען און פלעג גראד אנשלאפען ווערען מיט עטליכע מינוט פריהער, איידער דער הימעל פלעגט זיך שפאלטען. און איך פלעג בלייבען אפילו אויסגעשלאפען, אבער זעהר פארביטערט...

דאס אלץ איז אפילו אמאל געוועזען, אבער איך האב זיך פון יענער צייט ווייניג וואס אומגעביטען און מיר ווילט זיך איצט אויך זעהן בשעת דער הימעל וועט זיך שפאלטען... איצט אבער טראג איך שוין גאר אנדערע פארלאנגען. פון יענער צייט זענען שוין פיעל יאהרען פארלאפען, און די יאהרען האבען מיר אויסגעזאגט, אז דער אויסנאהם, וועגען וועלכען איך האב אין די קינדערשע יאהרען אזוי פיעל געקלערט, האט גאר קיין נאמען ניט. נאך מעהר, באמת איז גאר אזא אויסנאהם ניטא, און מיר ווילט זיך שוין ניט עטוואס בעטען; איך וויל איצט נאר זעהן, און וויל אויסנוצען די מינוט ווען דער הימעל וועט זיך שפאלטען אויף אריין צו קוקען אין הימעל און זעהן, וואס דארטען טוט זיך.

און אנב איז טאקי ניטא וואס צו בעטען. גליק? אויב איך האב איהם שוין לאנג ניט פארשפילט, ווייל יענע מיידל איז געשטאנען אויף א הויכען בארג פון קופערנע מטבעות, און איך האב זיך געוואלגערט אין שמוץ, און זי האט געמיינט, אז זי איז אליין הויך און האט זיך גאר פארגעסען, אז א קופערנער בארג קאן צעשמאלצען ווערען. געלד? אויב איך קאן עס בשום אופן ניט איין האלטען אין קעשענע, בשעת עס גיהען אום אזוי פיעל ארימע לייט און בעטען אלץ און בעטען און איך קאן ביי זיך בשום אופן ניט פועל'ן זיי ניט צו געבען. דערום וועל איך מיר בעסער צוקוקען צו דעם, וואס אין הימעל טוט זיך...

די נאכט איז געוועזען אזוי פינסטער און שטום, אז איך האב בשום אופן ניט געוואלט איהר אומבייטען אויף א שטיקל שמוציגען פאדלאגע אין איין ענגער קאמער אויפ'ן זעכסטען שטאק, און האב בעשלאסען צו בלייבען אין גארטען ביז אין דער פריה...

און דער סטאראזש האט מיר טאקי ניט בעמערקט און האט מיך אין גארטען פארשלאסען און איך בין אין גארטען דער איינציגער לעבעדיגער מענש געבליבען, און איך אליין וועל זעהן, ווי דער הימעל וועט זיך עפענען און איך אליין וועל בעמערקען, וואס אין הימעל טוט זיך.

„אליין", זאג איך, ווייל מיר דאכט זיך שטענדיג אויס, אז נאר איך זעה דעם אמת'ן טיעפען הימעל, בשעת אלע איבריגע מענשען באמערקען נאר זיין אבשיין. מיר דאכט זיך אז א חוץ מיר קאן קיינער ניט אריין דרינגען אין די טיעפעניש פון דער נאטור, ווייל אלע באמערקען נאר דאס חצוניות פון יעדער זאך. דורך דעם איז קיין וואונדער ניט, אז ביים שפאלטען זיך פון הימעל וועל איך גיכער און מעהרער דערזעהן פון א צווייטען. נאך מעהר, ווייל די צווייטע ווילען נאר עפיס פון דעם פארדיענען און וועלען נאר קוקען, ווי'ס ווערד פון דעם שפאלטען זיך נעבען זיי אויף דער ערד, און וועגען הימעל ארט זיי ווינציג...

און דער הימעל האט זיך פאר מיר געשפאלטען און איך האב באמערקט..

געשפאלטען האט ער זיך אונזער אלטער-אלטער הימעל מיט א קרענקליכען קרעכץ, ווי ער וואלט באדויערט דאס, וואס ער היט און היט די ערד פון ששת ימי בראשית אן, און קאן איהר אלץ פון צרות ניט פארהיטען..

די נאכט איז געוועזען ווי פאר'כישופ'ט און האט געהארכט און געקוקט אין הימעל און האט עפיס מסתמא געזעהן, נאר מיר האט זיך פארגעשטעלט, אז דער הימעל איז פוסט און קיין שום זילבער, גליקען, „כל טוב'ן" איז דארט פאר קיינעם ניט אנגעגרייט... און איך האב נאך עפיס באמערקט, נאר עפיס אזאלכעס, וואס האט קיין שום ווערט ניט דא אויף דער ערדישער וועלט. און באמערקט האב איך דארטען דעם אבשלאג פון מיין אייגענער פאנטאסטישע וועלט, וועלכע איך האב ווי א גאט, פאר זיך אליין בעשאפען, און זי האט געלויכטען, און זי האט מיר די אויגען פארשיינט... און מיר האט זיך געדאכט, אז אט באלד פאראייניג איך זיך מיט מיין אייגענע וועלט, און אלע מיינע אלטע זיסע חלומות, אלע מיינע פארלאנגען ווערען אויסגעפיהרט... איך האב די הענט אויסגעשטרעקט ווי צו א תפלה און זיך פארגע-שטעלט, אז אט די מינוט וועט אלעס ענטשיידען: אדער מיין הימלישע וועלט וועט צו מיר אויף דער ערד אראב — אדער איך וועל צו איהר אין דער הייך ארויף פליהען..

און מיין מוח איז דאך שוין טרוקען געווארען, אויך מיין בלוט ווערד וואס א טאג אבגעקיהלטער און איך קאן שוין ניט עקזיסטירען מעהר אויף דער פרעמדער וועלט, וועלכע שטויסט מיר און שטופט מיר און וויל אפילו מיינע קרעפטען ניט אויסניצען...

נאר פלוצלינג האט זיך דער הימעל צוריק פארשלאסען, און איך בין ווידער אבגעריסען געווארען פון מיין אייגענער וועלט: זי איז אין די העכסטע פוסטע הימלען געבליבען און איך אויף דער נידריג-סטער ערד, וועלכע שטרעבט אוועק ערגעץ מיט א קאכעניש, מיט א שטופעניש און לאזט מיר איבער איינעם אליין...

דאן האט מיר די נאכט מיט איהרע פינסטערע הענט ארום גע-נומען און האט מיר אין אויער איינגערוימט, אז אויף דער דאזיגער פרעמדער וועלט איז נאך אויך ניט אלעס פארלארען, אז עס איז נאך פיעל-פיעל פינסטערע נעכט פאראן, אין וועלכע מען קאן רוהיג לע-בען בשעת די איבריגע מענשען שלאפען און וועלען דיר אין ערגעץ ניט שטופען, אין ערגעץ ניט שטויסען..

משה טייטש.

---

## פינ'ם אלטען ארץ ישראל.

דער פראפעסאר סעלין פון דער וויענער אוניווערזיטעט, וועלכער האט פאר א יאהר אויסגעגראבען אין ארץ ישראל אינ'ם טאל יזרעאל די חורבות פון דער שטאדט תענך און פארשידענע אלטע זאכען מיט הילף פון דער אקאדעמיע און פון מיניסטעריום, איז איצטער ווידער צום צווייטען מאל אין ארץ ישראל. פריוואט מענשען האבען איהם די געלד-מיטעל דאצו געגעבען. דער פראפעסאר שרייבט איבער זיינע נייע אויסגראבונגען אזוי: אם זעלבען טאג פון מיין אנקומען אין ביירוטה (א שטאדט ביים ים אין ארץ ישראל) זענען מיר געפאהרען צום טאל יזרעאל, וועלכער איז געווען בעדעקט מיט

וואסער פונ'ם שפעט־רעגען, אזוי אז אונזערע דריי לאסט־פערד זענען דערטראנקען געווארען אין טייך קישון. די פאלאכען (פויערען) האבען זיך געשטיפט צו דער ארבייט, ווייל איבער די חאלערע, וואס האט געהערשט ווינטער אינ'ם לאנד איז דארט א גרויס יקרות. מיר האבען באלד אויפגעטריבען 200 ארבייטער. מיר האבען אויפגעדעקט א גאנצע שורה פריוואט־הייזער מיט א מענגע אלטע זאכען, ווי עהל־פרעסען, וויין־פרעסען, מערזער, געוויכטען, ערדענע כלים מיט מאדנע פארמען און מוסטערען, שטיינגעצייג, כלי־זין פון בראנזע און קופער, ציהרינג, צוויי יודישע זיגלען מיט אלט־העברעאישער שריפט, צוויי גייע בילדער פון דעם אבגאט עשתרות. אויך איז געפונען געווארען א צעבראכען מזבח מיט צורות פון די כרובים. מען האט אויך אויסגעגראבען איין אלט בנין, ווי א פאלאץ. ביז היינט האט מען אויפגעדעקט דערפון צוויי צימער מיט א ברונים, פונ'ם הויז פיהרען אכט טרעפ ארונטער אין א קעלער אריין. דער פראפעסאר איז זיך משער, אז דאס איז געוועזען א דענקמאל אויף א קבר פון א קעניג. אין איין אנדערע חורבה פון א פאלאץ איז ער איבערראשט געווארען פון א זעהר וויכטיגע ענטדעקונג. אויף א מויער איז געשטאנען איין ערדענער קאסטען, 65 צענטימעטער הויך, 60 צענטימעטער ברייט און 4 צענטימעטער דיק. נישט ווייט דערפון זענען געלעגען צוויי ערדענע טאוולען בעדעקט מיט אויסגעקריצטע קיילשריפט. איין אנדערער גרעסערער טאוועל איז געלעגען אין א צעבראכענע שיסעל, אויך מיט קיילשריפט און דאנעבען א קליינע טרומנע פון אלאבאסטער. פראפעסאר סעלין האט די טאוולען געשיקט קיין ווין אין דער אקאדעמיע זיי צו איבערלעזען. די דאזיגע טאוולען האבען איין אונגעהייער גרויסען ווערט פאר די עלטסטע געשיכטע פון די יודען ווען זיי זענען נאר וואס געקומען מיט יהושע קיין ארץ ישראל און אויך פאר די געשיכטע פון די כנענים.

---

## ליטעראטור און קונסט

דעם 4 מאי, האט מען אין דער שטאדט באחצוסארע געפייערט דאס צוואנציג יעהריגע יובילייאום זייט עס עקזיסטירט דאס טאטאריש בלאט "Переводчикъ". דער יום־טוב איז געפייערט געווארען מיט גרויס פאראד, עס זענען געקומען זעהר פיעל געסט גראטולירען דעם רעדאקטאר פון בלאט, פון פיעל שטעדט אין רוסלאנד און אויסלאנד זענען אנגעקומען טעלעגראמען, אין וועלכען מען ווינשט דאס בלאט גליק אין איהר ליטערארישע ארבייט. פיעל פון די געסט האבען געהאלטען גרויסארטיגע רעדעס, צווישען איין רעדע און די אנדערע האט געשפיעלט מוזיק. דערנאך האט מען געוויזען די פארשידענע מתנות, וואס מען האט דעם רעדאקטאר געשאנקען.

עס וואלט נישט געשאדט, אז מיר יודען זאלען זיך חאטש ביי די טאטערען אבלערנען ווי אזוי אבצוגעבען כבוד אונזערע שרייבער און געלעהרטע.

— צווישען די בילדער, וועלכע מען האט געוויזען אויף דער אויסשטעלונג אין דער מאלער־שולע אין אדעסא געפינען זיך 7 פיגורען פון דעם יודישען יונגען 17 יעהריגען מאלער ראחומאווסקי (א זוהן פון דעם בעוואוסטען גראוויער ישראל ראחומאווסקי). מערקווירדיג איז די פיגור "בר כוכבא", וועלכע איז זעהר קונסטפאל געארבייט.

---

# אלטנייאלאנד.

(פארטזעצונג).

XI

פאהרענדיג אזוי אויפ'ן ים, זענען זיי פארביי געפאהרען די אינזעל קרעטא, ניט ווייט פון פאלעסטינא, רופט זיך קינגסקארט אב צו פרידריכ'ן:

"אפשר האט איהר חשק, דאקטאר, זעהען אייער פאטער־לאנד איידער מיר וועלען זיך געזעגענען מיט דער וועלט?"

"מיין פאטער־לאנד?" פארוואונדערט זיך פרידריך. "איהר ווילט זיך אומקעהרען קיין טריעסט?"

"חס ושלום!" שרייט קינגסקארט. "אייער פאטער־לאנד ליגט דאך דא ניט ווייט, פאלעסטינא!"

"אזוי דאס מיינט איהר? איהר האט א טעות. מיט פאלעסטינא האב איך קיין שום מגע ומשא ניט. איך בין דארט נאך קיינמאל ניט געוועזען און סע אינטערעסירט מיך גאר ניט. מיינע עלטערן זענען שוין אכטצעהנהונדערט יאהר פון דארט. וואס זשע האב איך דארט צו זוכען? נאר די אנטיסעמיטען קענען זאגען, אז פאלעסטינא איז אונזער פאטער־לאנד..."

ביי דיזע ווערטער דערמאנט זיך פרידריך אינ'ם קליינעם דוד ליטוואק און איז מוסיף: "אויסער די אנטיסעמיטען האב איך עס נאך געהערט פון א קליין יודיש יונגעל, אז פאלעסטינא איז אונזער פאטער־לאנד. אפשר ווילט איהר מיך רייצען, הער קינגסקארט?"

"זאל מיך דער רוח צוגעמען אויב איך מיין אייך צו רייצען. אדרבא איך האב עס גאנץ ערנסט געמיינט. באמת פארשטעה איך אייך יודען גאר ניט. ווען איך זאל זיין א יוד וואלט איך מיט אזא זאך נאר שטאלצירט און איהר שעמט זיך גאר דערמיט. איז דען א חדוש; וואס מע האט אייך אומעדום פיי:ט — גיט אייך געוועהנליך מיין איך".

אין דעם דאזיגען אינטערעסאנטען שמועס האט פרידריך געלעגענהייט געהאט געוואהר צו ווערען, ווי אזוי סע קוקען אויף אונזער אסימילירטען פאטריאטיזם אפילו די איידלע קריסטען, וואס מאכען קיין אונטערשיד ניט צווישען יודען, קריסטען, מאחמעדאנער און פייער־בעטער. קינגסקארט דערצעהלט איהם דערביי א מעשה פון זיין אפיציער־צייט: א יודישער סאלדאט האט תרעומות געהאט אויף איהם, ווייל ער האט פון איהם חוזק געמאכט, אז ער קאן בעסער מיט וועבסלען האנדלען אלס אויף פערד רייטען. דער יוד האט געוואלט איהם ווייזען, אז ער איז ניט קיין בעל־פחד און האט געגעבען א שארפען שפארען. עס איז איהם אבער ניט געראטען און ער האט געבראכען האלז און נאקען.

"איהר מיינט אז א יוד האט ניט קיין עהרענגעפיהל?" בעמערקט פרידריך.

"ניין, ניט דאס האב איך געוואלט זאגען... איבריגענס ווען די יודען זאלען האבען ווירקליך איין עהרענגעפיהל וואלטען זיי זיך ניט געלאזט צופרידען מיט אלע יענע בזיונות, וואס זיי שטעהען אויס".

"וואס זשע זאלען די יודען טון, הער קינגסקארט?"

"וואס? דאס ווייס איך ניט. נאר עפיס, אזוי ווי מיין יודישער סאלדאט. איך האב דאך פאר איהם מעהר דרך־ארץ בעקומען".

„דרך־ארץ פאר דער צעבראכענער האנט?"

„ניין, ווייל ער האט מיר געוויזען, אז ער האט א רצון... איך זאל זיין אויף אייער ארט וואלט איך עפּיס אנגעהויבען עפּיס מוטיגעס עפּיס גרויסעס, אז אפילו די שונאים זאל עס אויפרייסען די מיילער פאר שטוינען... וואס מעהר איך טראכט דערפון קום איך צום געדאנק, אז סע מוז ריינטיגע צייטען שטארק אינטערעסאנט זיין צו זיין א יוד, טאקי דערפאר, ווייל ער האט געגען זיך די גאנצע וועלט".

זיי האבען ענדליך בעשלאסען אריין פאהרען קיין פאלעסטינא.

XII.

זיי האבען פארבראכט עטליכע טעג אינ'ם אלטען יודישען לאנד.

דער איינדרוק אין יפו איז געוועזען זעהר ניט אנגענעהם. די דאזיגע שטאדט ליגט אפילו זעהר אויף א שיין ארט, ביים בלויען ים, זי איז אבער אזוי פארנאכלעסיגט און חרוב, אז סע פארחאפּט ביים הארצען דאס צו זעהן. שמוץ, אומריינקייט, ארעמקייט און דחקות האבען זיך דארט איינגעווארצעלט טיעף. דאס פוילקייט האט זיך דארט א שטענדיגע נעסט געמאכט.

„אויב דאס איז אונזער לאנד איז עס פונקט אזוי אראבגעקומען אזוי ווי אונזער פאלק". האט זיך פרידריך ניט איינגעהאלטען אויסצוזאגען. א מעלאנכאלישעס געפיהל האט איהם בעהערשט

קיניגסקארט איז נאטירליך אויך שטארק בייז אויף דעם אבגעלאזטקייט אין דעם לאנד פון די אלטע קדושים. נאר זיין געזונטער מענשען־פארשטאנד זעהט באלד איין, אז סע לאזט זיך דא פיעל מאכען, דאס לאנד קאן נאך ווידער אויפבליהען. „וואסער און שאטענס (פון בוימער) מוז אהער געבראכט ווערען, דאן האט דאס לאנד נאך איין עתיד, ווער ווייסט ווי גרויס!"

„ווער אבער זאל אהער ברענגען וואסער און שאטענס?"

„די יודען!" ענטפערט קורץ און ענטשלאסען דער אלטער אמעריקאנער.

קיין ירושלים זענען זיי אנגעקומען ביי נאכט. ס'איז געוועזען א וואונדערשענע לבנה; וואס נאר אין ארץ־ישראל קאן אזעלכע זיין. אינטער דער שטאדט זענען זיי אבגעשטיגען פון דעם וואגען און זענען געגאנגען אביסל צו פוס. עפּיס א משונה געפיהל האט זיך ביי זיי דערוועקט אין די הערצער. דער אלטער קריסט ברומט: „דא איז אונזער הער ארומגעגאנגען". „אך ווי שיין און פרעכטיג דא איז!" „אבער אייך, הער דאקטאר, מוז דאך דאס אלעס אויך עפּיס זאגען? די אלטע מויערען, דאס טאל"...

„ירושלים!" מורמעלט פרידריך כמעט צו זיך אליין. ער קאן זיך גאר אליין ניט ערקלערען פאר וואס דער אנבליק פון דיזער אונבעקאנטער שטאדט האט איהם אזוי פארחאפּט ביים הארצען. אפשר זכרונות פון די קינדער־יאהרען? אפשר פסוקים פונ'ם פאטער'ס דאווענען און לערנען? ער דערמאנט זיך די שטילע קדושה פון די פסח־נעכט ביים טאטענ'ס סדר און אזוי ווי פונ'ם שלאף קלינגען איהם אין די אויערען די עטליכע לשון־קודש־ווערטער: לשנה הבאה בירושלים!... און ער זעהט זיך פלוצים אלס א קליין קינד געהענדיג מיט'ן פאטער אין שוהל אריין. אך, די אמונה איז געשטארבען אינאיינעם מיט דער יוגענד, אינאיינעם מיט דעם ליבען פאטער — און פאר איהם שטעהען די מויערען פון ירושלים ווי אין א פארצייטיגע מעשה בעלויכטען פונ'ם גלאנץ פון דער שענער לבנה. אין די אויגען יאוועט זיך א נוארעמע טרער. דאס געפיהל איז איהם גובר און טרערען גיסען זיך איבער די צעברענטע באקען. קיניגסקארט חאפּט איהם אונטער די ארעם און דער קריסט מיט'ן יודען געהען אין דער שענער לבנה־נאכט איבער די גאסען פון דער אמאליגער יודישער רעזידענץ...

XIII.

אסך ווייניגער האט זיי ירושלים געפעלען ביי טאג. דאס אומריינקייט און דער געפּילדער אין די ענגע דושנע גאסען מאכט אויף זיי א שמערצליכען איינדרוק. די מענשען, כמעט דורכאויס שמוציג, בעטלער, הונגעריגער און קראנקע — טיעפער האט שוין די אמאליגע קעניגסשטאדט ניט געקאנט זינקען.

זיי האבען באטראכט די מערקווירדיגקייטען פון דער שטאדט. זיי קומען אויך אינ'ם טרויעריגען געסל פונ'ם כותל מערבי. דער אנבליק פון די פרנסה־קבצנים מאכט אויף זיי א שווערען איינדרוק.

„איהר זעהט, הער קיניגסקארט, מיר זענען ווירקליך אויף טויט געשטארבען. פון דער יודישער מלוכה איז ניט מעהר געבליבען ווי א שטיקל וואנט פון בית־המקדש. און וויפיעל איך זאל מיך ניט אנשטרענגען — פאר דעם ביסל נאציאנאל־שטיינער פיהל איך גאר ניט".

די דאזיגע ווערטער האט ער אזוי הויך געזאגט, אז סע האט זיי דערהערט א הער אין אייראפּייאישער קליידונג. וועלכער האט זיך געווענדעט צו פרידריכ'ן:

„פון אייערע רעד זעה איך, אז איהר זענט א יוד. לאזט זשע מיך אייך אויפקלערען אייער טעות. פון דעם יודישען פאלק איז מעהר געבליבען ווי דאס ביסל שטיינער. איהר דארפט דאס פאלק ניט בעטראכטען נאר לויט די בעטלער אדער לויט זיינע רייכע".

דער הער ערקלערט איהם ווייטער, אז אין רוסלאנד געפינען זיך נאך יודען, וואס האבען א לעבעדיג יודיש געפיהל, א ליבע צום עבר און א האפנונג אויפ'ן עתיד. אז דארט זענען נאך די בעסטע און געבילדעטסטע יודען געטריי געבליבען דעם יודענטהום און האפען נאך דאס ווידער אויפלעבען פון אונזער אומה צו דערגרייכען.

דער רוסישער יוד האט גערעדט מיט היץ, און אלס זיי זענען זיך ווידער צונויף־געקומען ביינאכט אינ'ם האטעל, האט ער זיי דערצייהלט פון די נייע יודישע קאלאניען און פון די נייע יודישע האפנונגען. ער האט זיך זיי פארגעשטעלט מיט זיין נאמען: דאקטאר אייכענשטאם, איין אויגען־דאקטאר פון רוסלאנד מיט זיין טאכטער דאקטאר סאשא.

אייכענשטאם האט זיי צוגערעדט צו מאכען א נסיעה איבער די יודישע קאלאניען, וועלכע זענען אונזערע רייזענדע שטארק געפעלען. ס'איז זיי געפעלען די ארבייטספעהיגקייט פון די יודישע קאלאניסטען און נאכמעהר דער פרייער מוט פונ'ם יונגען דור. קיניגסקארט האט פאר ענטציקען אזש אויסגעשריגען: „די יונגען רייטען דאך ווי די שדים!"

פרידריך אבער איז געבליבען ניט בעריהרט פון דעם נייעם געזונטען לעבען און איז כמעט צופרידען געוועזען שוין צוריקצוקומען אויף זייער שיף וועלכעס דארף זיי פיהרען אויף די ווייטע אינזעל.

אויפ'ן שיף, זענען זיי געקומען צוריק דעם 31 דעקאבר 1902. אין מיטען דער נאכט רופט קיניגסקארט פרידריכען אויף דער שיפס־דעקע, צו בעגעגנען דאס נייע יאהר. פרידריך איז אפילו ניט אויפ־געלענט, נאר ער וויל זיין פריינד צוליב טון און פארברענגט מיט איהם צוזאמען ביים טיש און וויין.

אינ'ם שמועס צעהיצט זיך קיניגסקארט און זידעלט די הייני־טיגע אייראפייאישע געזעלשאפט, אזוי ווי זיין מנהג, ער מאכט צו נישט די גאנצע קולטור מיט די טעלעגראפען און טעלעפאנען כל זמן די חברה לעבט ניט אזוי ווי זי דארף לעבען. וואלטען נאר די מענשען געוואלט, וואלטען זיי גאנץ גיך געקאנט זיך פארשאפען א נייע פארם פון לעבען, פון גליק און ברכה. מיט היינטיגע קענטניסען און אידעען פונ'ם יאהר 1902 קאן מען עס מאכען אין עטליכע יאהר.

„און ווייסט איהר, מענש, ווער סע קאן זיין דער וועג־ווייזער צום נייען לעבען?" ענדיגט דער פארברענטער מענשען־פיינד מיט התלהבות, „איהר! איהר יודען! גראדע ווייל סע געהט אייך שלעכט. איהר האט שוין ניט וואס אנצוווערען, קענט איהר מאכען דאס פראבע־לאנד פאר דער גאנצער מענשהייט. דארט אקענען, וואו מיר זענען ערשט געווען קענט איהר אויף דער אלטער ערד פון אייערע אבות בעשאפען א נייע לאנד מיט נייעם לעבען. אלטניילאנד!"

פרידריך אבער איז שוין געווען פארמישט פונ'ם וויין און די לעצטע ווערטער האט ער שוין געהערט כמעט ווי דורכ'ן שלאף.

(פארטזעצונג קומט).

משה קליינמאן.

---

## אלערליי.

ווי שנעל די פייגעל פליהען. באלד ווי עס הייבט זיך אן דער פריהלינג הייבען אן ביי אונז צוריקצוקומען די פייגעל פון דיווארעמע לענדער, וואו זיי זענען געווען א גאנץ ווינטער. דאס פליהען פון די פייגעל איז אבער נישט ביי אלעמען גלייך.

די פויגלען, וואס פליהען איבער דער יבשה, פליהען נישט אזוי געשווינד, דערפאר אבער רוהען זיי זיך די גאנצע רייזע נישט אב. מען איז משער, אז די פייגעל פליהען אין א טאג 3000 וויארסט. עס זענען אבער אויך דא אזוינע פייגעל, וואס פליהען א סך געשווינדער, ביז 200 וויארסט אין א שעה. דער בראכפויגעל, וועלכער לעבט אין צפון אייראפא און אזיע, האלט זיך ווינטער אויף אין אפריקא ביין עקוואטאר (קו המשוה) און קומט צוריק ערשט שפעט אין פריהלינג און דענסמאל פליהט ער זעהר געשווינד. מען זעהט איהם נישט אין די ערטער, וואס געפינען זיך צווישען אפריקא און אונזערע לענדער, דערפון זעהט מען, אז די שטרעקע פון 2000 וויארסט פליהט ער אריבער אהן איין אבהאלט פון זון־אונטערגאנג ביז זון־אויפגאנג. א בראכפויגעל, וואס פליהט למשל ארויס 7 דעם זייגער פון אווענד קומט ביי אונז אויף מארגען אין דער פריה 5 דעם זייגער.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— דעם 9 טען יוני האט בערטהא פון זוטנער געפייערט איהר 60 יעהריגען געבורטס־טאג. די פרויען האבען אין דעם טאג א גרויסען נצחון געוואונען. זיי זענען שטאלץ דערויף, וואס זייערע א שוועסטער האט געגעבען דער וועלט די וויכטיגע אידעע פון גרינדען א שלום אויף די גאנצע וועלט. אמת, אז זי איז נישט די ערשטע, וואס האט די אידעע געגעבען דער וועלט. אונזערע נביאים ישעיה און מיכה האבען שוין מיט 3000 יאהר צוריק נביאות געזאגט וועגען וועלט־שלום; אבער ביז בערטהא זוטנער, האט זיך קיינער נישט גענומען צו דער ארבייט, אז זייערע נביאות זאל מקוים ווערען. זי איז כמעט די ערשטע, וואס האט מיט איהר בוך „די וואפען נידער" בעשאפען דעם שלום־קאנגרעס אין האג, וועלכער האט נישט לאנג געמאכט שלום צווישען דייטשלאנד־ענגלאנד און ווענעצועלא. דאס בוך „די וואפען נידער", וועלכעס איז דאס ערשטע מאל ארויס אין יאהר 1890, איז שוין איבערגעדרוקט געווארען 28 מאל און איז אין אלע אייראפייאישע שפראכען איבערגעזעצט געווארען. בערטהא זוטנער האט זיך מיט דעם דאזיגען בוך גע־מאכט א נאמען אין דער גאנצער וועלט. און נישט נאר מיט דעם אויבענ־דערמאנטען בוך און מיט דער צייטונג, וואס טראגט אויך דעם איינע־נעם נאמען, איז בערטהא זוטנער בעריהמט געווארען, נאר אויך מיט איהרע בעשטענדיגע ארבייט פאר איהר אידעע און מיט איהרע רעדען, וואס זי האט געהאלטען אויף די פריעדענסקאנגרעסען.

בערטהא זוטנער האט אויך באקומען דאס מעהרסטע טייל שטימען, ווען מען האט אנגעפרעגט, ווער עס איז די גרעסטע פרוי אין דער וועלט.

— דער מאסקווער פעראיין פון לעהרערינס און גוווערנאנטען האט שוין צונויפגעזאמעלט פאר זייער חברה א קאפיטאל פון 192,000 רובל. די מיטגלידער צאהל פון דעם פעראיין גרייכט ביז 2,036.

### II. יודישע נייעס.

— פרוי שרה ברוידא אויס ווארשא האט געשיקט אין דער קאלאניע „רחובות" אין ארץ ישראל א גרויסע סומע געלד צו פערענדיגען די שוהל צום דאווענען, וועלכע מען האט דארט אנגעהויבען אויף איהרע קאסטען צו בויען, די שוהל וועט הייסען „אהל שרה" אויף דעם נאמען פון די פארשטארבענע שרה חישין, די מוטער פון פרוי ברוידא.

— דער יודישער הילפס־פעראיין אין דייטשלאנד האט באקומען 300,000 מארק פון דעם געלד, וואס די פארשטארבענע באראנעסע כהן־אפפענהיים האט געלאזען צו פארברויכען פאר ארימע, אומגליקליכע יודען.

— אין פראנקפורט אם מאין איז געשטארבען פרוי מ. גאלדשמיד, א טאכטער פון באראן ווילהעלם ראטהשילד. די פארשטארבענע האט אין דעם טאג, וואס איהר פאטער איז געשטארבען צעטיילט א מיליאן מארק אויף פארשידענע צדקות.

— דער אדעסער ראבינער ה' קרעפס האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו דעם קוראטאר פון אדעסער לעהר־קאמיסיאן, ער זאל ער־לויבען צו לערנען אין אלע מיטלע יודישע שולען פאר מיידלעך, וואס געפינען זיך אין אדעסא, די יודישע רעליגיאן.

---

## רעפארם קליידונג.

די לעצטע צייט האבען די דאקטוירים דערקלערט, אז דער „קארסעט" איז זעהר שעדליך פאר די געזונטהייט און פיעל קלוגע פרויען האבען אנגעהויבען צו ארבייטען אין דעם, אז מען זאל דעם קארסעט נישט מעהר טראגען. דאס איז אבער נישט אזוי לייכט אויסצופיהרען. אמת, דער וכוח וועגען קארסעט, צי ער איז שעדליך צי נישט, ווערד אלץ קלענער, היינט זענען שוין כמעט אלע פרויען מודה,

אז ער איז שעדליך; מודה איז מען אונ אוועקלעגען איהם איז פארט א שאד. אפילו ביי די אייגענע פרויען, וואס שרייען אונ לארעמען איבער'ן קארסעט אונ דערווייזען אין גאנצע ארטיקלען, ווי די מענשליכע געזונטהייט ליידט פון איהם, קאנען ביי זיך נישט פועל'ן, זיך פון איהם צו בעפרייען. א פנים די עפענטליכע מיינונג אין די גאזעטען, דער רשות הרבים, אונ די פיהרונג ביי זיך אין טואלעטען־צימער, דער רשות היחיד, זענען נאר צוויי בעזונדערע וועלטען, וואס קעהרען זיך נאר איינם מיט דעם אנדערען נישט אן.

אונ צוריק געשמועסט איז זיי נאר נישט צו פערדענקען; ווי באלד די פרויען וועלען אנהויבען נאכגעבען אלץ, וואס די דאקטוירים דערקלערען, אז עס איז שעדליך פאר די געזונטהייט, האט דאך קיין שיעור נישט; היינט פארוויילט זיך זיי מען זאל אויסטון די קארסעטען, מארגען וועלען זיי זאגען, אז מען זאל נישט טראגען קיין שוך מיט הויכע אבצאסען אונ איבערמארגען, מען זאל ניט טראגען קיין לאנגע שלעפעס אויף די קליידער אונ א פיערטען טאג, אז מען זאל נישט טראגען קיין שלייערס אויף דעם פנים. עס האט דען א שיעור וואס די דאקטוירים קאן אלץ נישט איינפאלען? זיי וועלען שוין אויף אלץ געפינען א תירוץ, דאס איז שעדליך צו דאס, דאס איז שעדליך צו יענץ.

אמת טאקי, אז ביי טייל פרויען מאכט דער קארסעט שענער די טאליע, נאר צי איז כדאי צוליב די ביסל שיינקייט, וואס דער קארסעט גיט צו, זיך צו מאכען קראנק.

אונ נישט אלעמען מאכט דער קארסעט די טאליע שענער: ביי פרויען, וועלכע זענען שטארק ענטוויקעלט, מאכט דער קארסעט, דורך דעם איינשניט אין דער טאליע די פארם פון דעם גאנצען קערפער נישט נאר ניט שענער, נאר אדרבא, נאך מאוס'ער אונ עקעלדי:ער.

דער קארסעט ווירקט זעהר שלעכט אויף די געזונטהייט פון דער פרוי. דער ריקען ווערד דורך דעם שטאל פון קארסעט אב־געשוואכט, די ברוסט קאן זיך נישט ענטוויקלען, ווייל דאס הארץ ווערד צוגעקלעמט, דער מאגען צוגעפרעסט אונ דורך דעם מאכען זיך ביי די פרויען זעהר אפט הארץ אונ מאגען קראנקהייטען. היינט וויפיעל צייט, וויפיעל מיה נעמט עס צו ביי דער פרוי. וויפיעל הייקלעך אונ שלייפלעך מוז מען שפילען אונ בינדען, וויפיעל "זיכערהייטס־נאדלען" מוז מען האבען, כדי צו פאראייניגען אין טאליע־שלום די פערבינדונג פון ראק אונ טאליע.

די מאדע האט אפילו די לעצטע צייט ערפונדען א נייעם קארסעט, וועלכער הייסט: "גראדען מאגען ליניע", וואס שיצט דעם מאגען ער זאל נישט פון קארסעט צוגעפרעסט ווערען. דערפאר אבער ווירקט ער זעהר שטארק, נאך שטארקער ווי די אלט מאדישע קארסעטען, אויף די לענדען אונ ניערען. דער וויינערשער עולם האט זיך באלד געהאפט צו די נייע מאדע קארסעטען. נישט, חס ושלום, צוליב די געזונטהייט, נאר צוליב די מאדע, עס איז נייער אונ פארשענערט א וודאי די פיגור, הגם אין דער אמת'ן ווירקט ער אויף די פארשענערונג כמעט גאר נישט.

די פרויען בעקלאגען זיך אויף די מענער, וואס זיי געבען זיי נישט קיין גלייכע רעכטען, פאר וואס זיי לאזען זיי נישט זיך עמאנ־ציפאצירען, זיך שטעלען גלייך מיט די מאנסבילען; ווער אבער איז אייך פרויען שולדיג, אז איהר אליין ווילט זיך נישט עמאנציפאצירען. איהר אליין ווילט זיין אבגעזונדערט פון די מאנסלייט? אט האבען מיר דעם בעסטען בעוויז פון דעם קארסעט, פון וועלכען איהר ליידט אזוי פיעל אונ קאנט זיך דאך פון איהם נישט אבזאגען. מאכט איהר די התחלה, מאכט אייך אליין גלייך מיט די מאנסבילען, זייט נישט אזוי נאריש. צוליב דער טאליע, וואס אייך דאכט זיך נאר אויס, אז עס מאכט אייך שענער, מאכט איהר זיך קראנק אונ שוואך. אז איהר וואלט נאר געוואוסט אויף זיכער, אז די מאנסבילען וועט בעסער געפעלען אייער טאליע, ווען איהר וועט אייך אנטון אין נאטירליכע רעפארמירטע קליידער, וואס דריקען נישט אונ קוועטשען נישט, וועלכע שאדען נישט דאס הארץ אונ דעם מאגען, ווען איהר וואלט נאר וויסען, אז דערמיט וועט איהר ביי זיי נושא חן זיין, וואלט איהר זיי שוין אנגעטאן נישט געבעטען, נישט געלארעמט, שניידערס וואלטען שוין געווען פארווארפען מיט ארבייט. אבער כל זמן איהר ווייסט ני'שט אויף זיכער, אויב די רעפארם־קליידער וועלען אויסנעמען ביי די מאנסבילען, ווילט איהר זיי נישט אנטון, מעגען נאך הונדערטער ארטיקלען אייך פאקטיש בעווייזען, אז דער קארסעט מאכט ביי אייך 99 פראצענט קראנקע, מעגען זיך די קלוגערע פרויען די גאל אויסרייסען שרייענדיג, וועט עס זיין בחנם, ווייל קיין זאך איז נישט שטארקער פאר די נארישקייט פון דער פרוי.

עס קאן זעהר זיין, אז מיין ארטיקעל וועט אויך זיין גערעדט צו דער וואנט. אונזערע יודישע פרויען זענען, ברוך השם, נישט ווייניגער נאריש ווי די פרויען פון אנדערע פעלקער אונ האלטען אויך פון דער מאדע גאנץ שטארק, נאר פון דעסטוועגען וויל איך פרובירען מיין מזל, טאמער וועל איך חאטש ביי א קליינע צאהל פועל'ן, זיי זאלען אוועקווארפען דעם קארסעט. זיי זאלען זיך אין גאנצען אנטון אין רעפארם־קליידער איז צופיל פארלאנגט, דערויף מוז מען ווארטען ביז דער אבגאט "מאדע" וועט דערצו מסכים זיין. אבער דעם קארסעט אויסטון, וואס אלע ווייסען שוין ווי שעדליך ער איז, דאס הייסט נישט צופיל פארלאנגט אונ דאס וויל איך טאקי אויסווירקען. שוין צייט אז אונזערע פרויען זאלען צוזאמען פאר זייער שענהייט אויך פאר זייער געזונטהייט זארגען. א קראנקע פרוי קאן נישט שען זיין, אונ מעג דער מאן זיין פרוי ווער ווייסט ווי ליב האבען, ווערד איהם דאך מאוס אלץ צו טון צו האבען מיט דאקטוירים אונ אפטייקען. טוט אויס, פרויען, די קארסעטען אונ איהר וועט פארשפארען צו פאהרען אזוי פיעל אין די בעדער מחמת קראנקהייט, איהר וועט ליבערסט פאהרען מחמת פארגניגען.

בתיה הירשפעלד.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b.Krakau

## דר. מ. גראדזיענסקי

ארדינאטאר אין קליניק פיר

אינערליכע קראנקהייטען

(220) 3—10 אין שפיטאל שווי. דוך

נעהמט אן קראנקע ביז האלב 11 פריה

אונ פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג

**ווארשוי, דזיקא 4 — (נאוואליפקי 6)**

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדערטוירין פון ד״ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבע-טורינס אומזאנסט. פיר פערמעגלי-כע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרייען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (1—20)

---

בבית-מסחר-ספרים של

ז. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג.

נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.

Книжн. магаз. З. Ш. Сребepка,

(225) Вильна. 50—1

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע

(128) עט פלאטטע-וואארען. 25 50

В. ШЕКМАНЪ Варшава, Налевки № 20.

---

## היימישע מיטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שידענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. 50-13 (192)

---

בבית מסחר הספרים

## י. ראזומאווסקי בברדיטשוב

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. ציילענגאלד נמכרים כל מיני (217) ספרים במקחים נמוכים. 5 50

---

פאבריק פון פייערפעסטע 9—15 1991

## אייזערנע קאססעס

עמפפעהלט איהר אויס-ארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרע-סערט די №№ גענען אנדערע פאבריקען פרייז-קוראנטען פריי.

**Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40**

---

## לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

אין צוקערמאנ׳ס לייה-ביב-ליאטהעק

213 10—5

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

## רעכט יודיש און געזונט

(219) איז פאר יעדע יודישע פרוי 25—3

## מאנאטס-בינדען

קאסט צוזאמען מיט 12 קישעלעך נור 1,75 רובל שוין מיט פארטא. די מאנאטס-בינדען זענען זעהר פראקטיש און נויטווענדיג פאר יעדע איינציגע פרוי, וואס זארגט פאר איהר געזונדהייט און יודישקייט די קישעלעך קאן מען שטעטס צו קויפען פאר 90 קאפ.

צו בעקומען ביים אפטיקער-ספעציאליסט

**37. Д. Мошковскій, Варшава, Налевки 37.**

---

## נור פיר 2 רובל 50 קאפ.

ווירד ארויסגעשיקט פראנק און פריי אין אלע שטאדט אייראפעאישעם רוסלאנד, די בעסטע פאטענטירטע

## נאפט-גאז קאכמאשינע

מיט פלאמע צום רעגולירען דעם פלאם. זעהר פראקטיש און קאכט שנעל פון — שטיק ווערט ארונטערגעגעבען 10%.

(30) אדרעסע: 4—1

Спеціальная Фабрика Керосино-Газовыхъ Самоваровъ и Кухонь „Колумбія“, Варшава, Желѣзная 58а.

עס איז צו בעקומען אלע סארטען נאפט-גאז קאכמאשינקעס צו ביליגע פרייזען.

---

## טאשען אוהרען בחצי חנם!

פיר 3 רובל מיט 50 קאפ. קאן יעדער איינציגער בעקומען פראנק און פריי צו הויזע פער נאכנאמע אהן האנדגעלד א עכט גוטען ניקעל רעמאנטער, וואס ציהט זיך אן ביין אויער מאל אין 36 שעה.

די זעלבע אוהרען אין שווארצען שטאל מיט 50 קאפ׳ טהייערער. — עכט פערגאלדעטע מיט גאראנטיע נור 5 רובל.

אום צו פערברייטערען אונזערע גוט בעקאנטע וואארע ווירד צוגעגעבען צו יעדע אוהר א עכט דובלע גאלדענע פאנצער קעטע מיט א ברעלאק גאנץ אומזאנסט, דער ברעלאק קאן זיין מיט א לארנעטקע וואס ציינט פערשיעדענע פיקאנטע בילדער פון דאמען געשלעכט.

(208) 6—6 (208)

אויך עלעגאנטע אויסגעפיהרטע „מוזיק אוהרען סימפאניע“, זעלבסטשפיעלער וועלכע פיהרען אויס גאנץ הויך און לאנג אלע שאנסטע פאלקס לידער, מארשען, וואלצען, פאלקעס, אפערן א. ד. ג מיט עלעגאנטעם פאטאגזינעם ציפערבלאט פיר 7 רובל — קאפ. מיט פארטא. — 2 שטיק נור 14 רובל.

יעדע א הר איז אויסרעגולירט צו דער מינוט, גאראנטירט פיר גוטען גאנג אויף 8 יאהר. בעשטעלונגען ווערען גלייכצייטיג און פינקטליך ארויס געשיקט

**Складъ Часовъ Ю. Якубовича, Варшава, С. Георгія 16.**

---

## Paryzkie nowe modele

rekomenduje znany magazyn

Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—11

---

## דאמף-דרוקעריי עט ליטאגראפיע

## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקוב

איינגעארדענט ליט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט אונ פערציערונגען, נעמט אן צו דרוקען אלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פויליש, דייטש א. ז. וו. אויך די לייכטעסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד ליטאגראפישע זאכען.

(212) אלעס ווערט פינקטליך אונ שנעל בעזארגט. 6—50

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

„אראגא-גורסקי, ווארשא, לעשנא 4 №

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (הינער-אויגען) בראדאווקעס אונ פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ׳ אונ 50 קאפ׳ פארדערן איבעראל.

(129) 25—19

---

(227) 3—1 עס ווערדען געזוכט

מעדכען צו גאלאנטעריע ארבייט

דלוגא 21 וו. 18. באלדיגע בעלאהנונג.

---

יעצט פערטיג פון דרוק

## ספורי ישורון

זעהר אינטערעסאנטע ערצעהלונגען פון תלמוד אין זשארגאן. (226) 1—5

צו בעקומען ביי:

Книжный магазинъ

З. Ш. Среберка, Вильна.

---

## נאך נישט דאגעוועזען!

פעדערהאלטער מיט 6 יאהרגען קאלענדאר זעהר נוצבאר פיר יעדען וואס האלט נור א פעדער אין האנד, פון וועלכען מען קאן גאנץ דייטליך אין איין אמאמענט וויסען יעדען דאטום פון 1902 ביז 1907 יאהר. ערפונדען פון ה. יפה.

די פעדערהאלטער זענען זעהר שאן. זיי ווערען ארויס געשיקט פער נאכ-נאמע 6 שטיק פיר 1 רובל פראנקא איבעראל. פיר ווידער-פערקייפער בע-דייטענדער ראבאט 3—4 224

**В. Тененбаумъ, Варшава,**

Гусья 27/37.

---

## НУЖНЫ АГЕНТЫ

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Конт. наров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ.

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אויס גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: Юдку Вейнбляту

Варшава, Слизкая 22.

(105) 25—6

---

## „Chromolin“

„כראמאלין“ דאס איינציגע גוט שאדליכע מיטעל צום פוצען אונ קאנסערווירען שוה-ווערק, מאכט א זעלטענע גלאנץ. פערקויפט אין שוהווערק מאגאזינען אונ אפטעקען (209) סקלאדעס 12—7

**אגענטען ווערדען געזוכט**

L. Schneider,

Warszawa Nowy-Świat 34.

---

## נייטיג פאר יעדען!

די נייע ערפינדונג, וועלכע האט א פאטענט פון אייראפא אונ אמעריקא, „צו פערהיטען הויזען פון צעריסען אונ איינגעשמוצט ווערען“ קאסטעט א פאר 20 קאפ מיט פארטא. דאס אליין פערקויפ קענען בעקומען אלע פירמעס. גוסטערן פיר דאס געגענווערטיגע 20 קאפ׳. די גענויערע תנאים שיקט דער פארשטעהער פון דער פירמע

М. Каплапъ, Свислочь, Грод. губ.

(189) 2—2